1. April. 1899 **DER JUDE.** Nr. 5.

# דער יוד

צייטשריפט

פיר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2.60 "
פירטעליאהריג 1,35 "
דייטשלאנד 8, 50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילנג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 "
דען 1טען סענטיאבער 1 "
יעדער איינציגער נומר קאסט
25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט
20 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף".

ערשיינט 2 מאל מאנאטליך.

רעדאקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומר 5. ווינען — קראקויא, ניסן תרנ"ט — מערץ 1899. ערשטער יאהרגאנג.

## איבער דער יודישער־קאלאניאל־באנק.

די „יודישע קאלאניאל־באנק" זאגט שוין מיט דעם נאמען אליין, וואס זי איז, און וואס זי וויל. מען דארף נור די ווערטער אביסעל מפרש זיין, דער עולם זאל פערשטעהן דעם ריינעם פירוש־המלות. קאלאניאל־באנק איז אזא באנק וואס בעשעפטיגט זיך מיט יודישער קאלאניזאציאן, דאס הייסט זי האט איהר צוועק צו ערלייכטערען דאס גרינדען פון נייע קאלאניען אין ארץ־ישראל, אויך די קאלאניען, וואס זענען שוין דארט געגרינדעט, קרעדיט צו געבען, כדי די קאלאניסטען זאלען קענען האבען זייערע בעדערפעניש, הן אין בהמות, הן אין זאמען, אדער כלים און אנדערע זאכען; דעסטגלייכען צו אונטערשטיצען דעם אימפארט און עקספארט, דאס הייסט אריינצוברענגען זאכען, וואס מען בעדארף זיי נייטהיג און די קאלאניעס און מען קען זיי דארט נישט ערצייגען, און ארויספיהרען די ארטיקלען וואס מען ערצייגט דארט מעהר ווי מען בעדארף אויפ'ן ארט. די יודישע קאלאניאל־באנק האט אויך איהר צוועק צו קויפען לאנדערייען און זיי פערקויפען פאר איין אנצאהלונג כהוגן אדער אויף לאנגזאמע אויסצאהלען.

דעם לעטצטען פונקט וועט די קאלאניאל־באנק איבערלאזען, ווי עס ווייזט זיך, איינע פון איהר געגרינדעטען געזעלשאפט, ווארום פאר דעם צוועק וואלט נישט געסטאיעט דעם מלך'ס אוצרות. און אונזערע יודישע מיליאנערען, וואס דער שידוך געפעלט זיי נישט, ווייל זיי וואלטען חשק געהאט אז מען זאל דער וועלט וואס ווינציגער געבען צו שמועסען פון יודען — אונזערע מיליאנערען, וועניגסטענס א טהייל פון זיי, האבען ערקלערט, אז עס וועט זיך האנדלען מכח א לאנדגעזעלשאפט וועלען זיי זיך זעהר שטארק אין דעם בעטהייליגען. נאר פאר וואס מאכט מען נישט תיכף א לאנדגעזעלשאפט? דארויף איז דא איין איינפאכער תירוץ: צו א לאנדגעזעלשאפט, ווי עס דארף צו זיין, איז פריהער פון אלס נייטהיג א קארטע — דאס הייסט איין בריעף פון דער ממשלה פונ'ם לאנד, וואו מען פערשרייבט איהר שוטץ און פערזיכערט רעכטע און אונגעשטערטען בעזיץ, אייגענטהום, אין אלעם וואס עס געפינט זיך אפילו אונטער דער ערד, ווי נאפט, קוהלען, אייזען, זילבער א. ד. ג. אין אזא בריעף מוז אויך בעדונגען זיין, אז מען מעג אין דעם הלק לאנד בויען אייזענבאהנען און מאכען קאנאלען צום בעוועסערן דאס לאנד אדער אלס צופוהר צום ים, מיט אייןווארט, עס זאל זיין א חזקה לדורות. פערשטעהט זיך, אז אזא קארטע קען מען נישט ערדייכען אזוי גרינג בידים ריקניות, מע מוז דערפאר צאהלען במזומנים אדער מע מוז האבען שוין נאר ברייטע פלייצעס אז דער, וואס מען וויל איהם צוזאגען נוטצען, זאל האבען אויף וועמען זיך צו פערלאזען.

די באנק, פערשטעהט זיך וועט אויך ביי דער לאנדקאמפאניע א שיתוף בלייבען, ווארום אויסער אלעם מוז זי האבען א דעה אין דעם גאנצען ענין, כדי אז די לאנדקאמפאניע זאל נישט מיינען אז מען דארף נישט קוקען אויף קיין זאך נאר אויף נוצען און געווין, און דער גאנצער עיקר איז וואס מעהר פערדיענסט אין געשעפט, וכל המרבה ברווחים הרי זה משובח; דערפאר מוז מען זי תמיד דערמאהנען אז מע קען האבען, ווי דער פראסטער עולם זאגט, שלום בקעשינע און דאך גאט אין הארץ...

אמת די יודישע קאלאניאל־באנק וועט אויך וועלען האבען נוצען און פערדיענסט, אבער זי איז געבונדען, ווייל זי הענגט אב פונ'ם קאנגרעס, דאס הייסט פון דעם אקציאנסקאמיטע, וואס דער קאנגרעס פון די ציוניסטען בעשטעלט. און דאס איז אזוי: די באנק גיט ארויס 2 מיליאנען אקציעס, וואס הייסען אויף ענגליש שאר'ס. דערפון זענען 1.999900 איינפאכע שאר'ס, וואס האבען יעדע איין שטימע אין דער גענעראלפערזאמלונג און 100 שאר'ס, וואס ווערען בעצאהלט פונ'ם אקציאנסקאמיטע. די הונדערט שאר'ס האבען אין דער גענעראלפערזאמלונג פון די אקציאנערע אקוראט אזויפיעל שטימען, ווי אלע אנדערע צוזאמען: במה דברים אמורים — ווען איז דאס גערעדט געווארען, אז עס האנדעלט זיך אין א זאך וואס איז נוגע צו ציוניזמוס אדער יודישקייט, כדי מען זאל קענען זיין בעווארענט אז די פיהרונג פון דער באנק און פון די געשעפטען זאל נישט איבערגעהן אין ניט־ציוניסטישע הענד; ווען עס האנדעלט זיך אבער, א שטייגער, מכוח דיווידענדע, אויב און וויפיעל מען זאל פערטהיילען אין א געוויסער צייט, הערט דער יחוס פון די 100 גרינדעראקציען אויף און אלע האבען א גלייכע דעה. די מאה גרינדעראקציען האבען אויך קיין שום אינטערעס נישט אין דער דיווידענדע. זי מעג זיין גרויס אדער קליין — אויף זייער הלק פאלט גאר נישט; זיי האבען נור כבוד און דארפען השגחה געבען — געלד אדער רוחים דערפאר בעקומען זיי נישט. און דאס איז אויך געמאכט געווארען מיט א כונה, אז עס זאל זיך נישט געפינען אזעלכע וואס זאלען זאגען אז די ציוניסטען האבען עפיס א זייטיגע פניה, זיי מיינען נישט, ווי מע זאגט אויף פראסט יודיש, די הגדה נאר די קנעדליך...

יעדע אקציע איז איין ענגליש פונט אין גאלד, דאס איז אזויפיעל ווי צוועלף ריניש עסטרר. (גולדען). ביזהער איז געוועזען די פארסובסקריפציאן, דאס הייסט מ'האט געפריפט דעם כח, אויב מע מעג זיך שוין טרויען, עפיס פראקטיש צו טהון. ווי מע ווייסט, איז כל התחלות קשות, פון דעסטוועגען האט זיך בעוויזען, אז מ'האט שוין מיט וועמען צו רעכנען. מענשען וואס האבען נישט קיין גרויסע ידיעה אין ענינים פון א באנק און פון סובסקריפציאן, וואס זייערע טאטעס און זיידעס זענען נישט געוועזען קיין באנקיער'ס, א שטייגער איך וכדומה, האבען די זאך געפיהרט — און הלעבען, זיי האבען באוויזען, אז א יוד קען זעהר א סך, אז ער איז נאר בשלמות ביי דער זאך: כמעט עפיס מעהר פון א צעהנטעל, צייכנונגען אויף 5 מיליאנען פראנקען,

איז שוין דאָ. איצט דאַרף ערשט קומען די אָפיציעלע סובסקריפּציאָן׳ דאָס הייסט יענע, ווען מען איינלאַדעט אַלע און מען מאַכט עס בעקאַנט אין פיעלע צייטונגען. ווער עס וועט איצט נאָך צייכנען אַקציען אין די 3 טעג פון חול־המועד פסח, דער קריעגט די אַקציעס במקח־השוה און צאָהלט 20 פּראָצענט אַיין, און די אַנדערע 80 פּראָצענט אין 4 ראַטען, אַלע דריי חדשים איינע; ער קען אָבער מיט איין מאָל איינצאָהלען און פערשפּאָרט די צינזען פון 6 פּראָצענט וואָס מען מוז פערגיטען פאַר דער צייט פון דעם רעסט ביז מען צאָהלט איין אין גאַנצען. די פּאָרסובסקריבענטען, דאָס זענען יענע, וואָס האָבען זיך מקדים געוועזען, און האָבען שוין פריהער געצייכנעט און זיך אַקציען געזיכערט, האָבען יענע לייכטערע בעדינגונגען וואָס מען האָט זיי פריהער צוגעזאָגט. — ווער עס וועט וועלען צייכנען שפּעטער נאָך די 3 טעג, מוז ערשטענס אַלעס מיט איין מאָל צאָהלען; צווייטענס קען זיין, אויב עס וועט גערן אַזוי גוט ווי מען האָפט, אַז ער בעקומט נישט מעהר, ווייל כל הקודם זכה, און דריטענס מוז ער צאָהלען דעם קורז, דאָס הייסט, אַז די אַקציע שטעהט 14 אדער 15 גולדען, וועט מען זי איהם נישט געבען ביליגער.

מען האָט די הויפּטצייכנונג בעשטימט אויף חוה״מ פסח, ווייל פסח איז איין אמת׳ר נאַציאָנאַלפעסט פאַר די יודען און דאָ קען זיך יעדער יוד דערמאָהנען אין גלות מצרים און אַז מען איז אויסגעלעזט געוואָרען מעבדות להרות. אונזערע יודען דאַרפען אין זינען האָבען אַז עס האַנדעלט זיך דאָ אויך אין אַ בעפרייאונג פון נויטה פאַר פיעל פון אונזערע ברידער און אפילו פאַר די וואָס געהט נאָך ווי גוט אין דער פרעמד איז אלס בעסער אין דער היים, וואו מען ווערט פטור פון פיעל חרפות און בזיונות. אגב פאַלט מיר איין אַז משה־רבינו האָט אויך געראָטען די יודען, אַז זיי געהן אין ז י י ע ר לאַנד זאָלען זיי זיך מיטנעמען אויף הוצאות. הייגט ווי באַלד דעמאָלט אין יענער צייט, די גאולה איז געוועזען מיט הוילע נסים, האָבען זיי בעדאַרפט געלד, חאָטש זיי זענען געגאַנגען אָבנעהמען זייער לאַנד בחרבם־ובקשתם, מכל־שכן אין די איצטיגע צייטען, ווען מען געהט נישט מיט תקיפות און מע וויל זיך נור איינקויפען מיט גוטען, בעדאַרף מען דאָך אודאי געלד על אחת כמה וכמה...

נאָך עפּיס איז דאָ כדאי צו דערמאָהנען. דער דרך־העולם איז אַז מען גרינדעט איין אַקציענגעזעלשאַפט אָדער אַ באַנק מאַכט זיך אַ גרינדערקאָנזאָרציום, אַ חברה פון באַנקיער׳ס, וואָס זיי נעהמען פאַר זייער גיטען נאָמען אַ פּראָוויזיאָן, זיי נעהמען דערמיט אָבער אַראָפּ די רעכטע סמעטענע פון אויבען, און עס קומט זיי דאָך שכר־טרחה. זיי זענען קוואַטער, מוזען זיי מלה זיין דעם נולד, דאָס איז די גרינדונג. אין ד ע ם זין וועט זיין די יודישע באַנק דוקא נישט ג ע י ו ד י ש ט, אונזערע זאַמלער און אַלע, וואָס האָבען ביז איצט זיך בעשעפטיגט מיט דער זאַך, האָבען עס געטהון נור מאהבה פאַר דער אידעע און דאָס רוב האָבען נאָך צו־געלעגט די הוצאות־קטנות פון זייער קעשינע — זיי האָבען זיך באמת עוסק געוועזען בצרכי־צביר באמונה. די גרינדערשפּעזען זענען אויך דורך בייטרעגע פון יחידי־סגולה געצייכנעט און איינגעצאָהלט.

איך ווייס אַז איך בין נאָך נישט יוצא. איבער דער יודישער קאָלאָניאַלבאַנק, איבער איהרע צוועקע און האָפנונגען וואָס מען לעגט אויף איהר אַרויף, איז נאָך דאָ זעהר פיעל צו שרייבען; נאָר איך האָף אַז יעדער וואָס וועט זיך נור פּעראונטערעסירען מיט דער זאַך וועט זיך נישט פוילען און קריגען לעזען טאַקי אַליין דעם פּראָספּעקט און די שטאַטוטען, וואָרום אותיות מחכימות, וועט ער זעהן און פערשטעהן אַז דער גאַנצער אַרטיקעל מיינער איז נור אַ הקדמה, אַזוי ווי די גאַנצע באַנק איז אויך נור אַ הקדמה צו אַ גרויסער, זעהר אַ גרויסער זאַך.

פון דער הקדמה אָבער קען מען שוין פערשטעהן, ווי וויכטיג און גרויס די זאַך איז און די 3 טעג הוה״מ פסח, וואָס מען דאַרף שרייבען און צייכנען אויף די אַקציעס, זענען געוויס איטליכער בעזינדער אַ יום־הדין פאַר די ציוניסטען וואָס זענען איבערגעגעבען דער זאַך בלב ונפש, און יעדער אמת׳ר פאָלקס־פריינד וועט אודאי ווינשען מיט׳ן גאַנצען הארצען אַ כתיבה וחתימה טובה.

ד״ר לעאָפּאָלד כּהן.

---

# שְׁלֹמֹה רֶבִּי חַיִּים׳ס

(אין ליטא)

## אַיין אַלְטֶע מַעֲשֶׂה.

געדרוקט בהשתדלות

מענדעלי מוכר־ספרים.

4.

ליפּא ראובן׳ס, אַ יוד אין די מיטלע יאָהרען, איז איינער פון יענע מענשען, אין וועלכע גאָט האָט אַריינגעלייגט אַלע גוטע מתנות: גייסט, האַרץ און געפיהלען, נאָר פערגעסען אָבער זיי צוגעבען איין קלייניגקייט — מזל! ביים אַרויסגעהען פון גאָטס הענד אַהער אויף דער וועלט האָט זיי דער רוח, ווי אַ קערנדיל תבואה, פערטראָגען ערגיץ אין אַ העק, אין אַ וויסט אָרט, וואו ס׳איז נישטאָ די אַלע מיטעל, ווי געהעריג איז צו וואַקסען. דער גייסט אין זיי רייסט זיך, זוכט זיך ערגיץ איין אָרט וואו צו ווייזען זיך פריי, צעפיהרען אַביסעל די הענד — ביי אַ טהייל אָבער ווערד ער, נאָך אַלע אומזיסטע מיה, נאָך דעם אויסגליטשען זיך אויף שטיינער אין דעם וועג, אַליץ שוואַכער, שוואַכער, און זיי ווערען אינגאַנצען אָפּהענדיג. זיי ליגען, פוילען, נעהמען זיך אַמאָל אויך פאַר קריינקונג צו דער משקה, טויגען צו גאָרנישט און הייסען ביי דער וועלט: טויגעניכטסען, פערלוירענע מענשען. ווידער ביי אַ טהייל הערט דער גייסט פאָרט טאַקי נישט אוף צורייסען זיך אַרויס, אַרויס, עפּיס קאָכט עס, בורטשעט עס אין זיי, ס׳איז אַ שטענדיגע קאָכעניש, אַ ראַנגלען זיך, איין אינוועניגסטע נישטצופרידענקייט. פאַר עסעניש געהען זיי פון׳ם לייב אַראָפּ, זענען עפּיס פעראומערט, פערטראַכט, דער גייסט לאָזט זיי נישט רוהען, זיי חאַפּען זיך צו אַלסדינג, דאָ צו דער, דאָ צו יענער זאַך, נאָר איטליכע זאַך קומט אויס עפּיס משונה, עפּיס ווילד ווי די נאַטור אַליין, וואָס נאָך רוי, נישט בעאַרבייט — דאָס זענען יענע מיני קינסטלער, וואָס, ווי די וועלט זאָגט, אין דער האַנד הונדערט מלאכות און ווענעג ברכות׳ן.

ליפּא ראובן׳ס איז געוועזען אַ דאַרער, אַ קורצזיכטיגער מיט אַ בלייך פּנים, אַ שטילער, אַ גוטער און זעהר בעליעבט ביי איטליכען אין דעם שטעדטיל. זיין האַראַקטער, זיין וואוינונג, זיין שטייגער לעבען, זיין טהון און אַליץ מיט אַנאַנדער האָט בעשיינפערליך געוויזען, אַז אין איהם איז דאָ דאָס פינטעלע, דער ברען פון אַ קינסטלער. ער האָט געהאַט אַ האַנד צו שניטצען, צו מאָהלען, צו שרייבען און צו קריטצען אויף קופּער און אויף שטיינער, נישט צומאַכען זיך דאַרויס אַ פּרנסה, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל דאָס איז געוועזען זיין בעסטער פערגניגען; ווייל עס האָט איהם דערצו עפּיס געטריבען און ער האָט בעדאַרפט, געמוזט מייסטערען. ביי דעם שטעדטילדיגען עולם־יודען האָט ער געהייסען אַ בריה צו אַלסדינג, אַ קענער, עפּיס גאָר אַ שרעק — און זיי האָבען ביי איטליכער געלעגענהייט זיך מיט זיין בריה׳שקייט בעניטצט. מען האָט איהם מכבד געוועזען מיט שניטצען דעם אָרון־קודש, מאָהלען אַ „מזרח", שלאָגען מצבות, קריטצען חתימות. מיידליך, כלות, פלעגען איהם מטריח זיין, מיט זיין גוטען ווילען צומאַכען פאַר זיי מוסטערען, אויף קייטעלשטיכליך, אויף העפטען, אויסנעהען פאַר זייערע חתנים תפילין־זעקליך. און אַז ער טויג שוין יאָ צו אַלע זאַכען און איז דערצו נאָך אַ גוטער מענש אויך, טהוט איטליכען צו־ליעב, אַזוי זיך, אומזיסט, פאַר וואָס־זשע זאָלען ווייבער נעביך אַזוי זינדיג זיין, נישט צו בעניטצען זיך מיט איהם אויך — צו קרחת אַ שטייגער? מען האָט איהם געבעטען האָט ער געשריבען עפּיס אַזוינס אויף מאַנדלען, אָדער אויף טעלער מיט טינט, וואָס צעפיהרענדיג עס דערנאָך מיט וואַסער גיט מען עס דעם קראַנקען טרינקען — און עס העלפט!... צו די אַלע זאַכען האָט ליפּא ראובן׳ס נאָך צוגעקנעלט אויך.

פאַר אַ מלמד האָט איהם געמאַכט רבי חיים!

שלמה רבי חיים׳ס, אַ יונגעלע פֿון אַ יאָהר זיבען, האָט פֿון דער קינדהייט זיך געוויזען פֿאַר אַ וואוילס, אַ לעבעדיגעס, מיט אַ שאַרף קעפּיל צום לערנען. אין איין יאָהר האָט ער זיך אויסגעלערנט ביי משה שלייען גוט עברי, געלייענט גיך ווי אַ וואַסער און אָנגעהויבען חומש, ווי דער שטייגער איז, פֿון „ויקרא", וואָס אַנדערע קינדער בעדאַרפֿען דאַרויף אַוועקזיצען אין חדר אַ צוויי־דריי יאָהר. ביים גאַנצען הויזגעזינד רבי חיים׳ס ווי אויך ביי פֿרעמדע, אַריינגעהערס צו איהם אין שטוב, איז שלמה׳לע געווען זעהר בעליעבט פֿאַר זיין לעבעדינקייט, פֿאַר זיין פֿאַלען אַמאָל אויף קלאָטץ־קשיות, און נאָך מעהר — פֿאַר זיינע אָנשטעלען. ס׳איז איהם געלעגען בטבע עפּיס אַזוינס, אויפֿצוהאַפּען באַלד ביים ערשטען בליק יענעמס אַ מינע, אַ וואָרט, וואָס עפּיס נישט אַזוי, משונה ווי ביי אַנדערע. ער פֿלעגט וואונדער־שיין נאָכמאַכען אַבי וועמען מיט אַלע פּאָסטעמקעס — ווי יענער רעדט, ווי יענער שטעהט און געהט, אַזוי אַז מען פֿלעגט זיך האַלטען ביי די זייטען פֿאַר געלעכטער, זעהענדיג און הערענדיג איהם. בעזאָנדערס ליעב האָט ער געהאַט נאָכצומאַכען ג י ט ע ל די זאָגערין, ווי זי קישט די מזוזה ביי׳ם אַריינקומען אין שטוב, אָנגעטהון אין דער יופּע אויף איין אַרבעל; ווי זי פֿערציהט די ליפּעליך, זאָגט: „אַ גאָט העלף!" מיט חן; ווי זי גיט אַ בייג דעם ריקען ווי אַ קעטצעלע, אַזוי אַז איין אַקסעל קומט אויס נידעריג, די אַנדערע העכער, דאָס קעפּעלע אין דער זייט, אונטערגעהאַלטען מיט דער האַנד, און אַ פֿינגער אויף דער באַק; ווי זי קנייטשט דאָס פּניציל, אַ סמאָרע מיט דעם נעזיל, פֿערגלאָצט די אייגעליך און רעדט מיט תחינה־לשון, אַלין: „געלויבט און געאַכפּערט דער אַלמאַכטיגער, ברוך הוא וברוך שמו, וואָס באַשירעמט זיין פֿאָלק ישראל!" אַריינוואַרפֿענדיג אין דערמיט שטיקליך פֿונ׳ם „נחלת צבי" און רבינו בחיי. — די מאַמע פֿלעגט מיט אַנדערע גלייך טאַקי אויך לאַכען, נאָר דערביי, מיט אַ פֿינגער אויף דער נאָז כלומר׳שט אין כעס צו איהם מאַכען:

— וואַרט נאָר, וואַרט, שיין בחור׳ל איינער! איך וועל נישקשה דערצעהלען דעם טאַטען, וועסט־דו שוין וויסען, נישקשה, ווער עלטער איז, ווי איין עלטערען נאָכצוקרימען זיך. — זאָל איך אַזוי וויסען בייז, אויב איך פֿאַרשטעה, וואָס פֿאַר אַ מין שלאַק דאָס איז, רבונו־של־עולם!...

דער טאַטע אָבער איז אויף דעם קינד אַ מבין געווען. ער האָט גוט פֿערשטאַנען, אַז ביי אַ געהעריגען סדר לערנען דאָס אַלסדינג, וואָס מען בעדאַרף, און ביי אַ רעכטען מלמד אין די הענד, קען פֿון אַזאַ קינד, מיט דער צייט, ווערען אַ לייט. לערנען אַלסדינג, וואָס מען בעדאַרף, האָט ביי יודען צו יענער צייט, און בפרט נאָך אין אַזאַ שטעדטיל ווי ק..., נישט געהייסען שפּראַכען, חכמה־זאַכען, דאָס וואָס היינט. צו גמרא און פּוסקים זיין נאָך אַ בעל־תנ"ך אויך, פֿערשטעהן אַביסעל דקדוק — איז מען שוין אַ פֿאַרטיגער מענש, אַ ו ו י ל ד ע ר ב ר י ה איינער אין דער וועלט, מעהר דערפֿון איז גאָר נישטאָ, טאַקי איין איבריגע זאַך. נאָר ווער אָבער האָט, חוץ דעם אָנהויב פֿון איטליכער סדרה, געלערנט קינדער תנ"ך? מען האָט זיך עפּיס געשייעט, עס האָט עפּיס געשמעקט מיט אפּיקורסות. ס׳איז טאַקי אַ גרויס וואונדער, נישט צופֿערשטעהן אַזוינס... נאָר ווי די מעשה איז, אַזוי איז עס געווען, און אַזוי איז עס ביי אַ טהייל יודען נאָך היינט. גרויסע רבנים, פֿאַרצייטען און אויך היינט, האָבען נישט געוואוסט און וויסען נישט רעכט גוט עד־היום, וואָס שטעהט אַזוינס אין תנ"ך, און פֿון דעסטוועגען שאַ! מען קען זיין אַ גרויסער למדן פּסקנען שאלות אָהן פּסוק אויך... רבי חיים׳ן אָבער האָט זיך געגלוסט פֿאַר שלמה׳לען זיינעם מאַכען איין אויסנאַהמע, פּרוּווען לערנען איהם דוקא גאַנץ תנ"ך, מיט דעם תרגום אויך, כסדר פֿון אָנהויב ביז צום סוף. רבי חיים אַליין האָט געקענט תנ"ך, און געשריבען מליצה. פֿון זיינע בריווליך פֿלעגט מען לעקען די פֿינגער. ער האָט געהייסען צווישען זיינע אַלע בעקאַנטע אַ „בעל־לשון"... נאָר וואו נעהמט מען אָבער דעם מלמד דערצו? אָט דאָס האָט רבי חיים געטראַכט און איז לסוף געפֿאַלען אויף ליפּאַ ראובן׳ס. איהם האָט עס רבי חיים געמאַכט פֿאַר אַ מלמד, צוקנעלען מיט זיין שלמה׳לען, מתיר־געווען איהם צוצונעהמען נאָך עטליכע קינדער, כדי ער זאָל קענען ווי־עס־איז מיט ווייב און קינד, ווי אַלע יודישע קינדער, עט אַזוי זיך לעבען...

און דער זיווג האָט עולה־יפה געווען! דער רבי און דער תלמיד האָבען זיך איינער דעם אַנדערען זעהר גוט געפּאַסט. דער רבי האָט געקנעלט געטריי, און דער תלמיד — געלערנט געשמאַק. דער שטייגער איז געוועהנטליך געווען, בשעת דעם לערנען ביי׳ם טיש פֿלעגט דער רבי זיטצען אויף זיין אָרט מיט עפּיס איין אַרבייט — מאָהלען אָדער שטעכען אַ התימה׳לע. נאָר דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט צום גאַנג פֿונ׳ם לערנען, ער האָט ניש־קשה, זיך גוט צוגעהערט, פֿערקעהרט דאָס לערנען איז געגאַנגען נאָך פֿיל בעסער. די אַרבייט איז פֿאַר איהם געווען דאָס אייגענע וואָס פֿאַר אַ פּראָסטען בעל־מלאכה אַ גוטער טרינק בראַנפֿען, זי האָט איהם בעגייסטערט, בעלעבט, געמאַכט בערייִדעווידיג. ערשט דענסטמאָל האָט ער דערקלעהרט אַלסדינג שאַרף קלאָהר, פֿונ׳ם מויל האָבען זיך איהם געשאָטען פּעריל, אין די אויגען האָט געפֿינקעלט אַ הייליג פֿייעריל, ער האָט געקוקט מיט ליעבשאַפֿט עפּיס אַזוי גוט, אַזוי גוט... און דעם תלמיד פֿלעגט עס געבען אַ נעהם, אַ ברען, אונטערגעגעבען איהם אַ חשק, ער האָט געשלינגען איטליכעס וואָרט, אויפֿשטעלענדיג די אויערליך. דאָס לערנען איז נישט געווען, ווי ביי י ע נ ע, ערגיץ אַנדערש אַ שטייגער, אַ שווערע משא, אַ ריין אָפּקומעניש, וואו דער רבי מיט דעם תלמיד ליידען נעביך ביידע גלייך: איינער שלאָגט אין קאָפּ אַריין מיט געוואַלד, איז דערביי אויפֿגעבראַכט, היטצט זיך אַ שרעק, און דער אַנדערער, וואָס זאָל ער נעביך טהון, מאַכט זיך כלומר׳שט ווי איהם איז עס אין קאָפּ אַריין, ציטערט, פֿלאַטערט — און ביידע ווינשען איינער פֿונ׳ם אַנדערען פּטור צו ווערען... ניין! דאָס איז געווען גאָר עפּיס ווי אַ שמיעס צווישען צוויי פֿריינד, אין וועלכען איין האַריץ פֿיהלט דאָס אַנדערע — אַ שמיעס וואָס מאַכט פֿערגניגען אי דעם, וואָס רעדט, אי יענעם, וואָס הערט, ביידע פֿערשטעהען זיך זעהר גוט, און עס וויל־זיך צוברייינגען אַזוי די צייט נאָך און נאָך...

שלמה׳לע האָט מיט דער צייט אַליץ געוואַקסען־געוואַקסען, ווי אַ בלימעלע אונטער אַ גוטער השגחה, און ווערענדיג אַליץ וואָס ווייטער פֿערשטענדיגער הערט ער נישט אויף פֿונדעסטוועגען צו בלייבען, נאָך זיינע יאָהרען נאָך, אַ קינד. שלמה׳לע אין חדר און שלמה׳לע אין דרויסען זענען עפּיס גאָר אַנדערע, פֿערשידענע מענשען. לערענט ער איז געלערענט, ער איז מיט דעם גאַנצען קאָפּ אַריינגעטהון אין לערנען. ער דיינקט, טראַכט, וויל גרינדליך איטליכע זאַך פֿערשטעהן; נאָר קוים צוגעמאַכט דעם ספר איז ער ווי איבערגעביטען געוואָרען, ער לעבט, שטיפּט — אַ יונגעל מיט די ביינער. איבערהויפּט האָט שלמה׳לעס האַראַקטער פֿון קינדוויים אויף זיך געוויזען עפּיס ווי אַ צינויפֿגעשטעלטער פֿון פֿערשידענע מינים, נישט פֿון איין שטיק מאַטעריע. עפּיס האָבען צוויי נשמות — אַ מלאָך מיט אַ רוה, געשטעקט אין איהם ביידע אינאיינעם. ער איז געווען אי איינגעשפּאַרט, האַרט ווי אַ שטיין, אי ווייך ווי אַ טייג, לאָזענדיג זיך פֿיהרען אַמאָל ביי דער נאָז; אי בייז, אי מילד, גוט ווי די וועלט; אי ביטער־גאַל, אי צוקער־זיס; אי ערענסט, אי אַ קאַטאָוועסטרייבער; אי אומיטיג־פֿערטראַכט, אי לוסטיג־פֿרעהליך. שלמה׳לע איז בטבע געווען אַ הייסבליטיגער, אָנצינדענדיג זיך ווי אַ שוועבעלע, ווי באַלד נאָר עפּיס האָט איהם געטהון אַ ריהר. די פֿייערדיגע רייד פֿון די נביאים, די דערצעהלונגען זייערע איבער גאָט, איבער די וועלט, האָבען אויפֿגעוועקט זיין כח־הדמיון און איהם געגעבען געגוג שטאָף צו דיינקען, צו טראַכטען. — „איך האָב געזעהען גאָט, זאָגט ישעיה הנביא, ווי ער זיצט אויף זיין הויכען שטול, די פּאָלעס צעשפּרייט, פֿערנעהמען דעם הייליגען פּאַלאַץ. שרפים ברענענדיגע מלאכים, שטעהען איבער איהם, איטליכער מיט זעקס פֿליגעל... און עס רופֿט איינער צום אַנדערען און זאָגט: קדוש, קדוש, קדוש — הייליג, הייליג, הייליג איז דער גאָט צבאות, פֿול איז די וועלט מיט זיין כבוד! און עס וויגט זיך, עס ציטערען די זיילען דאָרט פֿונ׳ם שרייענדיגען קול, און דאָס הויז ווערד פֿול מיט רויך.

אוי, זאָג איך, וועה איז מיר, איך בין פאַרביי! איך בין דאָך אַ מענש מיט איין אומריין מויל און צווישען אַ פאָלק מיט אַ בייז אומריין מויל געפין איך מיך". שלמה'לען זענען די דאָזיגע ווערטער שטאַרק אין קאָפּ אַריין. ער הויבט אָן צו טראַכטען איבער גאָט, זיך פירצושטעלען מלאכים מיט פליגעל, און וויל אַלץ וויסען זעהר פיל אַזוינס וואָס פיקט איהם דעם מוח, פאָדערט אַ דערקלעהרונג פרעגען דעם רבי'ן — דערצו האָט ער נישט תמיד גענוג מוטה געהאַט. איינמאָל האָט ער יאָ זיך געפריווט מאַכען מיט איהם אַ רייד, רויט־ווערענדיג דערביי פלאַספייער, נאָר דער רבי האָט אויסגעהערט מיט אַ שמייכעלע, שווייגענדיג אַ קרים זיך געטהון, ווי איינער רעדט: עט!... אויף זיינע שאלות ביי אַנדערע, עלטערע מיט בערד, פלעגט ער בעקומען תמיד איין ענטפער: שאַ, שקאָץ! אַ יונגעלע טאָהר נישט פרעגען. אַ יונגעלע בעדאַרף נור פאָלגען, טהון וואָס גאָט הייסט — לערנען, דאַווענען, אַז נישט, וועט דער אויבערשטער שטראָפען, שמייסען דאָרט מיט אייזערנע ריטער — און פאַר אַ רוט האָט שלמה'לע געציטערט, נישט אַזוי פאַר דעם וועהטיג, ווייל אַז מען שמייסט טהוט וועה, ווי פאַר דער שאַנדע — פע, ס'איז אַ חרפה!... שלמה'לען איז פירגעקומען גאָט עפּיס נור ווי אַ בייזער פריץ מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנד, פאַר אַ מינדסט קליינינקייט ווערד ער אָנגעצונדען, אש־להבה — שמייסט! ביי אַ מינדסט עברה'לע: איבערהיפּערען אַ שטייגער אין דאַווענען עפּיס אַ וואָרט, נישט ענטפערען אמן, אַ טרונק וואַסער טהון אַ מאָל אָהן אַ „שהכל", האָט ער געחאַפּט אַ ציטער און געטראַכט: „אוי, וועה איז מיר, איך בין פאַרביי!" —

און ווער שמיעסט ימים־נוראים, וואָס, כפי יודען זאָגען, אפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט דענסטמאָל — איז שלמה'לע געווען אין איין שרעק. דער גאַנצער ענין פונ'ם אויפשטעהען צו סליחות, דאָס חאַפּעניש, לויפעניש אין שול, אויפ'ן פעלד, דאָס יאָממערען־וויינען, דאָס טרויערדיגע ניגון'דיל ביי'ם דאַווענען, דאָס אומיטיגע פנים'ל פון דער מאַמע און פונ'ם גאַנצען הויזגעזינד, גלייך ווי עס הענגט איבער זיי די רוט, און מען קען זיי, מהילה, מקיים־פסק זיין — אָט דאָס אַלסדינג האָט אויף איהם אָנגעמאַכט אַ שרעקליכע פינסטערע מרה־שחורה, ס'איז איהם נישט ניהא געווען דער גאַנצער יום־טוב, די פיש מיט דעם צימעס, עס האָט איהם זיך נור געדראַכט, ווי ער, דער אויבערשטער, זיצט אויף איין הויכען שטול, די פאָלעס איבער דעם מקום־קדוש, ברענענדיגע מלאכים אַרום איהם, פליהען ברייגען ספרים, שרייבען, רעכנען איטליכענס עברות מיט אַ רעש, אַ געפילדער, און עס וויגט זיך די וועלט, עס ציטערען די טויערען פונ'ם הימעל פון זייער געשריי — און ער טראַכט: „אי", וועה איז מיר, איך בין פאַרביי!"...

נאָר אַזוי ווי אין דער וועלט איז שוין אַזוי געשטעלט, אַז ס'איז נישטאָ, אין איהר אינגאַנצען גוט'ס, אָהן עפּיס שלעכטס, און ריין שלעכטס, וואָס דרינען זאָל נישט שטעקען עפּיס גוטס, איז דאַריבער אויך מיט די ימים־נוראים געקניפּט און געבונדען געווען זאַכען אַזעלכע, וואָס האָבען געלינדערט אַביסעל דעם שרעק, צוגעגעבען אַ זיסקייט דער ביטערע מרה־שחורה. די וויכטיגסטע פון יענע אַלע זאַכען זענען עס די „ישובניקעס", די אַרענדאַרעס פון די דערפער, וואָס פלעגען אויף די הייליגע טעג קומען מיט זייער הויזגעזינד אין שטאָדט אַריין. דאָס אָנקומען זייערס האָט אויפגעריהרט דאָס שטעדטיל, אָפּגעמינטערט, אָפּגעפרישט אַביסעל דעם עולם, און עס האָט געהאַט עפּיס אַ מין בעזונדער טעם — כצפיחית בדבש, האָניג מיט פעפער און ציבעלעס אינאיינעם.

די היסטאָריע פאָדערט, אַז די זאַך זאָל דאָ אַביסעל מעהר דערקלעהרט ווערען, זיסט, וועט אפשר אין איהר פעהלען; זעהר אַ וויכטיג בלעטיל, און פאַר די שפּעטערדיגע דורות — אוי! ווער ווייסט? — קען די זאַך בלייבען נישט פערשטענדליך.

## קיין באזעל.

(פאַרטזעטצונג).

IV.

דער צוג שטעהט אַ פּאַר מינוטען, יודישע מיידליך און ווייבער געהען צו צו די וואַגאָנען מיט בייגעל, זעמעל, פרוכטען; באָרוויסע רוטענישע קינדער פון צעהן־צוועלף יאָהר האַלטען אין איין האַנד אַ קריעג און דער צווייטער אַ גלאָז און שרייען פון אַלע זייטען: „סווידזשאַוואָדאַ", „סווידזשאַ". פאַר אַ גלאָז וואַסער נעהמען זיי אַ קרייצער, אַזוי אויף אַלע סטאַציעס אין גאַליציען. נאָר אָט לאָזט דער קאָנדוקטער אַרויס אַ געשריי: „יאַזדאַ" — און דער צוג פליהט, פליהט ווייטער...

איך בין צוריק־געגאַנגען אין מיין קאָפּע, און מיך געזעטצט אויף מיין פלאַץ. די צוויי יונגע פוילישע דאַמען, וואָס זענען געזעסען אַקעגען מיר, זענען שוין ניט געוועזען. זייער פלאַץ האָבען פערנומען אַנדערע צוויי דאַמען. אויך די איבריגע פאַסאַזשירען האָבען זיך געביטען; נאָר מיין בילד־שיינע שכנה איז געבליבען אויף איהר פלאַץ. פריהר, זעהענדיג איהרע· מאַניערען, איהר אַרט־רעדען, בין איך געוועזען זיכער, אַז זי איז אַ פוילין: נאָר איצט, אַז איך האָב מיך אַ ביסעל צוגעקוקט, איז מיר אַריין אַ שטיקעל ספק, און וואָס מעהר איך האָב מיך צוגעקוקט, האָט זיך מיר אַלס מעהר געדאַכט, אַז דאָס איז אַ יודישע טאָכטער. אין איהרע אויגען, אין איהר קוק, איבער'ן גאַנצען עדלעס, שיינעם פנים שוועבט עפּיס אַזוינס, וואָס ניט יעדער קען עס זעהען. עס איז אַ מין ליידען, אַ מין טרויער, וואָס נור ביי יודען בעגעגענט מען עס. עס לייכט אַרויס פון זייערע אויגען, ווי אַ יאָהר־צייט־ליכט, פערוויקעלט זיי מיט אַ וואָלקען. דאָס איז דער זכר־לחורבן, וואָס אפילו אָהנווילענדיג און אָהנוויסענדיג טראָגט אויף זיך און אין זיך יעדע יודישע נשמה. אומעטום, וואו מיר שטעהען, וואו מיר געהען, וואן מיר קומען זיך צונויף, אויף אונזערע שמחות, אויף אונזערע ימים־טובים, שוועבט ער אונז פאַר די אויגען, פרעסט אונזערע הערצער, לעהמט אונזער פרייד, וויקעלט אַלעס אַרום מיט אַ דינעם, שוואַרצען וואָלקען מרה־שחורה. די יודישע מרה־שחורה! ווער פון אונז פיהלט זי ניט טיעף, טיעף! וועמען פון אונז רייסט זי ניט דאָס האַרץ אויף שטיקער! און פון דעסטוועגען ליגט אין איהר עפּיס אַ זיסקייט, עפּיס אַ מין הייליגקייט, עפּיס אַ רוח־אלהים. יאָ, דאָס גאַנצע יודישע לעבען איז אַ מין חושך על פני תהום, פינסטערניש אויף איין אַבגרונד, ורוח אלהים מרחפת,— און איבער דעם אַלעמען שוועבט גאָט'ס גייסט. און נאָר דעריבער ליגען מיר נאָך ניט ביז אַהער טיעף אין אַבגרונד...

יאָ, קיין שום ספק, מיין שכנה איז אַ יודישע טאָכטער; פון דעסטוועגען גלוסט זיך מיר זעהר זי אַליין צו פרעגען. נאָר, אדרבה ווייל איך האָב שוין קיין שום ספק ניט, האָב איך ערשט מורא צו פרעגען: ווי ענטווערט עס אַ יודישע טאָכטער אויף אַזאַ שאלה? זי וועט זיך נאָך געווים געפונען טויט־בעלעדיגט. בפרט נאָך אַז מע זיצט צווישען פוילען, מע רעדט פויליש און מע איז מיט זיי ווי אַנדערע צוויי, דאַרפען מען זיך אודאי גוט בעקלערען איידער מע שטעלט זיך אונטער מיט אַזאַ פראַגע. אַ קליינינקייט אַ יודישער פאָליאַק? וויפיעל האָט ער נעביך אָבגעהאָרעוועט ער זאָל מבער זיין פון זיך דאָס יודישקייט, אָבקראַצען פון זיך דעם צלם־ישראל, און אַרויפשלעפען אויף זיך דעם פוילישען פרצוף! היינט געה האָב אין זיך אַ האַרץ פון אַ טאָטער און גיב איהם אָנצוהערען, אַז אומזיסט איז זיין גאַנצע מיה און פאַרשטער איהם זיין גאַנצע שמחה. אַ סך שמחות האָט עס עפּיס אַ יוד: נאָר דענסטמאָהל, אַז ער נאַרט זיך אַ ביסעל אָב, ווענן ער מיינט אַז ער האָט זיך אַזוי גוט איבערגעטהון, אַזוי גוט בעהאַלטען אונטער דער פרעמדער צורה, אַז קיינער וועט איהם שוין ניט דערטאַפּען, און אָט זיצט מיין יודעל, קוועלט גאָר ווי ער האָט עס גוט אָבגעמאַכט, קען זיך גאָר ניט זאַט אָנקוקען אויף זיין נאָכגעמאַכטע צורה. קום איך, רוצח איינער, און נעהם ביי איהם אַ וועק דאָס לעצטע ביסעל תענוג. איך האָב מיך דערביי גראָד דערמאָהנט אַ נאַרישקייט. קינדווייס פלעג איך זעהר אָפט שפּילען אין בלינדזעקייט (יודישע קינדער האָבען שטאַרק ליעב די דאָזיגע שפּיעל). צווישען מיינע חברים איז געוועזען איינער, וואָס האָט געהייסען דיקא שלמה און איז פונדעסטוועגען געווען ניט קיין גרויסער חכם. אַז ער פלעג ניט געפונען קיין אָרט זיך צו בעהאַלטען, פלעג ער נעהמען אַ ברייטעל, אָדער אַ גרויס שטיק קירפּיטש און זיך פערשטעלען דאָס פנים, און ער איז ביי זיך געוועזען זיכער, אַז ווען ביי איהם זענען פערשטעלט די אויגען

זעהען איהם אנדערע ניט. איך, מהמת צער־בעלי־חיים, פלעג איך מאכען כלומרשט אז איך זעה איהם טאקי ניט: לאז ער קווועלען פון זיין המצאה, די איבריגע זענען אבער געוועזען גרויסע שקצים: פלעגען זיי איהם ברעכען דיא ביינער טאקי מיט דעם ברייטעל, וואס ער פלעג זיך אונטער דעם בעהאלטען...

אז איך האב אלעס איבערגעקלערט, איז ביי מיר פערפאלען געווארען דער גאנצער מוטה צו צוטרעטען מיט אזא נעפעהרליכער שאלה: נאר אזוי ווי דער גאנצער אינטערעס פאר מיר איז טאקי געוועזען נאר אין דעם, ווי אזוי זי וועט ענטפערן אויף דער פראגע, וואס פאר א פנים וועט זי דערביי מאכען, האב איך מיך אנגענעהמען מיט שטארקייט, אזוי ווי שמשון הגבור, אין זיין צייט, אז ער האט זיך אנגעהאפט ביי די זיילען איבערצוקעהרען דעם גאנצען פאלאץ, ווען די פלשתים האבען געטאנצט און געפרייט זיך, מיינענדיג, אז זיי זענען שוין פטור געווארען פון דעם שונא.

נאר אזוי ווי איך בין פארט נישט שמשון הגבור, האב איך געוואלט אנידערשטעלען די פראגע אזוי, אז ניט נור יסורים זאל זי איהר ניט מאכען, פערקערט, זי זאל נאך האבען פון איהר גרויס נחת, אויב זי איז א אמת׳ע יודישע טאכטער. וואס טהוט מען אבער וועגען דעם לשון? איך האב געהערט זאגען, אז די ווארשאווער יודישע־פאליאקען, א שטעגער, האבען אין זיך אזא מין פלאמענדיגען פוילישען פאטריאטיזם, אז זיי ווערען גאר אנגעצונדען, אז מע רעדט מיט זיי ניט אויף זייער „מוטער־שפראכע" דאס הייסט אויף דער שפראך וואס זייערע מיטער פערשטעהן ניט: און פויליש רעד איך פארט ניט... איך האב מיך געלאזט אויף קדוש־השם און האב זי געפרעגט אויף דייטש:

— ניט אמת, פריילין, איהר זינד א פוילין?—

— אה ניין — האט זי מיר געענטפערט פעסט און מיט א איינגענעהמען שמייכעל — איך בין א יודישע טאכטער...

איך בין גאר בטל געווארען פון דעם ענטפער און אין איינעם זיך טאקי שטארק דערפרעהט, אז איך בין געווארען גרייט אנטהון דאס היטעל און מאכען א שהחינו מיט דעם גאנצען הארץ. נאר אין דער זעלבער צייט איז מיר איבערגעלאפען א ביטער טרויעריגער געפיהל:

רבונו־של־עולם! ווי טיעף מיר זענען געפאלען ביי זיך אליין אין די אויגען, אז מיר פרעהען זיך, ווען איינער פון אונזער אייגענע שעמט זיך ניט מיט אונז. און דער וואס האט אין זיך מוטה צו זאגען אז ער איז א יוד בקול־רם, הייסט ביי אונז כמעט א גבור. איך האב דערנאך אנגעהויבען דענקען וועגען די דאזיגע אלע יודען מיט די לאנגע קאפאטעס, מיט די געקרייזעלטע פאות, און יארמילקעס, וואס האבען מיך אזוי אבגעשטויסען מיט זייער ווילדען הולך. פאר־וואס, קלער איך, שעמען זיי זיך ניט, פאר וואס האבען זיי דעם מוטה ארויסצוטרעטען אומעטום אלס יודען און לאכען זיך אויס פון דער גאנצער וועלט, ווען מע שפעט פון זיי און מע מאכט פון זיי חוזק. און מיר, וואס רעכענען זיך פאר די „אויפגעקלערטע", „געבילדעטע", מיר ווערען בטל פאר דער נידריגסטער בריה, טאמער הלילה וועט מען פון אונז לאכען. עס וואלט געדארפט, דאכט זיך, זיין פונקט פערקערט. פאר וואס־זשע פארט ברענגט אין גרעסטען טהייל „בילדונג" ביי אונז יודען צו אזא נידריגע קנעכטשאפט, צו אזא קריכעריי פאר אנדערע. פאר וואס? מיר קענען ניט סובל זיין אט די אלע, וואס מיר רופען זיי „שמוציגע יודען", פאנאטיקער, וואס „זינקען אין דער פינסטערניש", מיר זאגען, אז זיי לעגען ניט כבוד אויף זיך אליין, זענען קריכערס. און עס קומט גאר אויס, אז די אמת׳ע קריכערס און די נידריגסטע זענען מיר, מיר די „געבילדעטע". יענע ביי א נויט בייגען פאר דעם פרייך דעם קאפ, דעם גוף, אבער אינעווייניג בעהאלטען זיי זייער שטאלץ אויף זייער יודישקייט; די געבילדעטע אבער בייגען פאר דעם פרייך די נשמה, פערקנעכטען זייערע געפיהלען; זענען קנעכט פון אינעוועניג און פון דרויסען. פאר וואס? — תירוצים איז דא דערויף א סך, און איינער פון זיי איז דער: ניט די בילדונג איז שולדיג, ניט אין איהר איז דער אומגליק. דער אומגליק איז אין דעם, וואס די בילדונג בעקומען מיר פון פרעמדע הענד, וועלכע מאכען פון אונזערע קינדער דאס וואס זיי דארפען, ניט וואס מיר דארפען, ארבייטען פון זיי אויס אזעלכע מענשען, וואס זאלען דיענען, זיין נוצליך זיי, ניט אונז. דאס האט נעביך געפיהלט דער אלטער דור, וואס האט געשריגען נגען די „שקאלעס"... ניט די בילדונג האט זיי געשראקען, נאר טאקי די „שקאלעס", זיי האבען מורא געהאט, אז אין די „שקאלעס", וועלען זייערע קינדער ווערען „גוים", דאס הייסט פערלירען זייערע יודישע געפיהלען. יא, דאס איז געוועזען דער אמת׳ר נאציאנאל־אינסטינקט, וואס האט אין זיי געווירקט און האט זיי נביאות געזאגט. און דאריבער האבען זיי זיך געראנגעלט מיט די לעצטע כחות אקעגען די „גזרות". וואו וועט איהר געפונען אויף דער גאנצער וועלט א פאלק, וואס וועט באשטעהען דארויף איבערצוגעבען די ערציהונג פון זיינע קינדער פרעמדע, וואס וועלען זיי ערציהען אזוי, ווי זיי וועלען. יעדער פאלק וואלט דאס געהאלטען פאר דעם גרעסטען אומגליק. די טהייערסטע און הייליגסטע זאך ביי יעדען מענשען און ביי יעדען פאלק איז דאס רעכט צו ערציהען זיינע קינדער נאך זיינע געפיהלען, נאך זיינע געדאנקען, זיי איבערגעבען אלעס, וואס איהם איז טהייער, וואס איהם איז הייליג. ווארום נור דאס הייסט ערציהונג. יעדע אנדערע ארט פון לערנען קינדער הייסט זיי פערדארבען, זיי ענטפרעמדען פון זייערע עלטערען, פון זייערע ברודער, פון גאנצען זייער פאלק. אזוי ערציהט מען קנעכט, מענשען וואס מע נעהמט זיי אין דער שביה בשעת מלחמה. און דאס אויך ניט היינט: דאס איז נאר געוועזען א מאל, ווען אלע געפאנגענע האט מען געמאכט פאר קנעכט, און א קנעכט דארף פערגעסען זיין לשון, זיין היים, זיינע עלטערען, זיין פאלק, אלעס וואס קען אין איהם אויפוועקען מענשליכע געפיהלען. ער דארף זיין א קנעכט, ניט מעהר, דאס הייסט זיין דענקען, זיינע געפיהלען געהערען יענעם. דאריבער טאקי ציטערען א סך פון אונזערע רייכע און געבילדעטע זייערע קינדער זאלען קענען הלילה יודיש, זאלען וויסען עפיס פון יודישקייט און אפט בעהאלטען זיי אפילו פון זיי, אז זיי זענען יורען. דער געדאנק איז אויך געלעגען בעהאלטען ביי די, וואס האבען פלוצלינג אונז אנגעהויבען בעגיסען מיט „ליכטיגקייט". און דאס וואס האט געפיהלט און פערשטאנען מיט זיין נאטירליכען שכל, מיט זיין נאטירליך הארץ יעדער מינדעסטער יוד, האבען ניט געפיהלט, ניט געוואלט פיהלען און פערשטעהן און פערשטעהען נאך ניט ביז איצט אונזערע השכלה־בעהעלפערס, וואס האבען אונז געשלעפט מיט געוואלט אין די נייע חדרים, שרייענדיג אין איין קול: „בילדונג", „ליכט". און אז די תלמידים האבען זיך שטארק איינגעשפארט, האבען זיי גערופען די דעסיאטסקעס זאלען זיי העלפען מלחמה האלטען געגען דעם פינסטערנעם „פאנאטיזמוס". און מיט די דעסיאטסקעס אין איינעם האבען זיי געטראגען דאס ליכט פון דער השכלה אין די יודישע הייזער...

נאך דעם, אז מיין שכנה האט זיך אפען בעקענט צום יודענטום, האב איך זיך מיט איהר צושמועסט וועגען יודישע ענינים, און שטעלט אייך פאר מיין פרייד, אז איך האב ביי איהר ענטדעקט א ווארם יודיש הארץ. זי האט מיר דערצעהלט, אז זי האט א פעטער אין קראקא איין אנגעזעהענעם אדוואקאט, איז ער א פלאמענדיגער פוילישער פאטריאט און געהער זיך גאר ניט אן מיט יודען. דערפאר וויל זי איהם קיינמאל ניט זעהן, אז זי קומט אהין, און קען איהם ניט איבערטראגען. זי פערשטעהט ניט, ווי קען מען נאך זיין אזוי נידריג און אזוי בלינד צו פערווארפען אייגענע ברידער און איבערגעהען צו מענשען, וואס זענען זייערע גרעסטע פיינד, וואס בענוצען אלע מיטעל אויף דער וועלט צו פערביטערען זייער לעבען, וואס איז שוין נענוג ביטער. אלע פעלקער האבען פיינד יודען, נאר פאר דעם פוילען איז דער יוד א שמוציגע, אומריינע זאך, דאס נידריגסטע בעשעפעניש, וואס אפילו עס פיינד האבען איז פאר דעם א עהרע; דאס דארף מען צוטרעטען מיט די פוס, שפייען דערויף פון עקעל. ער האלט אזוי נידריג דעם יודען און איז אזוי זיכער, אז ער האט רעכט, אז ער פערשטעהט ניט, ווי אזוי א געבילדעטער יוד קען ליעב האבען זיינע ברידער. און נאך דעם אלעמען פאדערען זיי פון די יודען

ווי זאָלען זיי זיין איבערגעגעבען מיט אַלע געפיהלען, זאָלען ליעב האָבען דאָס פוילינטום, מלחמה האַלטען דערפאַר מיט אַנדערע, איהם מפקיר זיין אַלעס; די יודען זאָלען רעדען פויליש, דענקען פויליש, ערציהען די קינדער פויליש, אַלע געפיהלען זאָל זיין נור פויליש; אַ יוד דאַרף נור וויסען דעם רצון פון דעם שלאַכטיטש און דאַרף עס האַלטען פאַר דעם גרעסטען זכות פאַר זיך, אַז דער שלאַכטיטש בעפעהלט איהם עפּיס, הערשט איבער איהם. ווארום אַ יוד איז דאָס אויך ניט ווערט. נאָר ער, דער שלאַכטיטש, בטובו הגדול, מאַכט איהם די עהרע און גיבט איהם אַ מאָל אַליין בכבודו ובעצמו אַ טרעט מיט די פיס, טראָגט איבער, אַז דער יוד זאָל פאַר איהם קריכען און איהם דיענען. אַ לאַנגע צייט איז טאַקי אַזוי געוועזען. די אויפגעקלערטע קלאַס פון די יודען זענען געוואָרען פוילישע קנעכט, האָבען פערלוירען זייער אייגענעם רצון און האָבען נור געוויסט דעם רצון פון זייערע הערען, די שלאַכטיטשען; פון דעם פאָלק האָבען זיי אויך אָנגעהויבען מאַכען פוילישע קנעכט, זיי אייגערעדט, אַז אין דעם איז זייער גאַנץ גליק; דאָס פאָלק האָט זיי אָנגעהויבען נאָכגעהן בלינד. נאָר אין די לעצטע צייט האָט זיך ביי אַ טהייל פון די געבילדעטע דערוועקט די אַלטע יודישע געפיהלען, זיי האָבען זיך אַרומגעקוקט, ווי נידריג זיי שטעהען ביי אַנדערע און נאָך מעהר ביי זיך אַליין אין די אויגען. און איצט הייבט עס אָן צוגעהען עטוואַס אַנדערש. ביים פאָלק הייבט זיך אָן צו ערוועקען דאָס זעלבסט־געפיהל און דער אַלטער יודישער שטאָלץ.

זעהר פיעל, האָט זי מיר ערקלערט, האָט אין דער היניזיכט געווירקט די ציוניסטישע בעוועגונג. איהר אַליין איז די בעוועגונג ניט בעקאַנט, זי האָט נור געהערט פון דעם רעדען, געלעזען איבער דעם אין די צייטונגען. איהרע עלטערן זענען געגען דער בעוועגונג, זאָגען אַז עס וועט נאָך פערערגערען די לאַגע ביי די פוילען, נאָר זי פערשטעהט ניט פאַר וואָס...

איך האָב געהערט איהרע רייד מיט דעם גרעסטען אינטערעס און מיט גרויס פערוואונדערונג. ניט אָפט הערט מען פון אַ יודישער טאָכטער אַזאַ מין לשון: צוריק מיט עטליכע יאָהר, דענק איך, האָט מען געקענט אויספאָהרען כל תפוצות ישראל און ניט הערען אַזעלכע רייד פון אַ געבילדעט יודיש מיידיל. ברוך משנה עתים! אמת, וועניג, זעהר וועניג איז נאָך דאָ אַזעלכע, נאָר איז דאָ איינע, צוויי, וועלען שפעטער זיין מעהר...

מערקווירדיג וואָס לאַנגע קנעכטשאַפט קען מאַכען. אין מיטען רעדען מיט מיר, אַז זי האָט עפּיס גערעדט עטליכע ווערטער מיט די פוילישע שכנות, האָט זי דערביי בעקומען אַ גאַנץ אַנדער פנים. אין ביידע ווינקלען פון די ליפען זענען גלייך בעשאַפען געוואָרען חנף־גרובעליך, וואָס פון זיי האָט געפליעסט האָניג און דאָס גאַנצע פנים האָט גלייך ווי געזאָגט מיט דרך־ארץ: „כה אמר עבדך יעקב לאדוני לעשו"...

מיט מיר האָט זי גערעדט איינפאַך, הערצליך, ווי מיט איין גוטען, אַלטען בעקאַנטען. איך בין זיכער, אַז זי האָט אַליין געוויס ניט געפיהלט דעם אונטערשיעד . . . אין קראָקא האָבען מיר זיך פריינדליך געזעגענט.

די לופט ווערט קיהל, די זון שטעהט גרייט אונטערצוגעהן. . . אין דער ווייטענס פונקעלט אַ וואַסער, וואָס דרימעלט שטיל־רוהיג, בעדעקט מיט פערשידענע פאַרבען פון די לעצטע שטראַלען. אָט איז די זון פלוצלינג פערשוואונדען געוואָרען, גלייך ווי אריינגעפאַלען אין געדעכטען טאַנען־וואַלד, וואָס שטעהט ווי שטאַרק פערזאָרגט. עס ווערט אַלס טונקלער, אויף דעם האַרצען פאַלט פלוצלינג אַ מרה־שחורה. איך שפאַר מיך אָן אין ווינקעל און פרווו איינדרימעלט צו ווערען, נאָר עס געהט ניט. אָט שטעהט שוין די יונגע, שיינע, זילבערנע לבנה אויף דעם לויטערען בלויען הימעל, וואָס ווייזט אוים אַזוי הויך, הויך. די נאַכט איז אַזוי ליעבליך שיין, אַרום און אַרום לויטער וועלדער פון הויכע טאַנען, פערגאָסען מיט דער זילבערנער שיין פון דער לבנה. אַלעס שטעהט ווי פערצויבערט, אַלעס איז וואונדער־שיין.

שפעט בין איך איינשלאָפען געוואָרען, און אַז איך האָב מיך אויפגעחאַפּט, האָט מען שוין אַרויסגעזעהן די בערג, וואָס שטעהען אַרום וויען...

(פאָרטזעצונג קומט) בן־עמי.

---

## פאר ווען זאגט דער „מגיד" ?

אויף דער שאלה „פאַר וועמען זאָגט דער מגיד?" איז דאָ איין פראָסטע קלאָרע תשובה: פאַר דעם המון־עם.

אונזערע מגידים זאָגען ניט פאַר „אונזער אינטעליגענציע", די געבילדעטע, וועלכע ווילען ניט און קענען ניט הערען און זעהן די מגידים מיט זייער לשון, מיט זייער ניגון און זייערע משונה תנועות; די למדנים אונזערע, ווי עס ווייסט יעדער, האַלטען אויך ניט פון קיין מגיד. בלייבט איבער נור דער המון־עם, דער פראָסטער עולם וואָס פאַר זיי זאָגט דער מגיד. און זיי בעדאַרפען באמת טאַקי האָבען זעהר נייטיג אַ מגיד. אָבער וואָס פאַר אַ מגיד בעדאַרפען זיי? ניט פון די דאָזיגע מגידים וועלכע לערנען זיך אויס צוויי־דריי דרשות און שלעפען זיך מיט זיי אַרום, ווי דער שאַרמאַנטשיק מיט זיין שפּיעל־קעסטיל, פון שטאָדט צו שטאָדט און שפּיעלען אָפּ דאָסזעלבע אין יעדער אָרט; ניט פון דעם מין וואָס מיינט נור בעקומען, ווי דער דאָקטאָר, פאַר'ן וויזיט און אַ גוטען טאָג. . . ניין, אונזער המון דאַרף האָבען אַ רעכטען מגיד, וואָס זאָל וויסען פאַר וועמען ער זאָגט און וואָס ער דאַרף זאָגען און ווי אַזוי צו זאָגען; אַ מגיד וואָס זאָל קענען זיין פאָלק און באמת ליעב האָבען עס מיט'ן גאַנצען האַרצען, וואָס זאָל האַלטען די דרשות ניט פאַר אַ מיטעל צו שנאָרען, נאָר וועלען טאַקי ברייננגען נוטצען דעם עולם מיט זיין זאָגען. אונזער פראָסטער עולם דאַרף האָבען אַזאַ מגיד, וועלכער זאָל זיי ערקלערען, מיט ריינע ווערטער, מיט אַ ריינע קלאָרע שפּראַך, אָהן חכמות, אָהן אויבער־פשט'ליך, זייער לאַגע, זייער פאָלקס־געשיכטע זייער פליכט צו זיך אַליין און צו אַנדערע, ווי מען זאָגט „צו גאָט און צו לייטען", און וואָס זיי בעדאַרפען טוהן אום וויפיל מעגליך איז צו פערבעסערען זייער לאַגע; אַזאַ מגיד, וועלכער זאָל אַביסעל דערוואַרמען זייער האַרץ, צו־געבען מוטה, אריינגעבען האָפנונג א. ד. ג.

נאָר אָבער אויב יאָ אַזוי — איז דאָך אַ פראַגע צו וואָס טויגען אָט די פערדרעהטע פּשט'ליך און די שאַרפע תורה־שפּיצליך, מיט וועלכע אונזערע מגידים פערשלאָגען דעם פראָסטען עולם, נעביך, דעם קאָפּ, און צוליעב וועלכע זיי, די מגידים, האַלטען אויף דעם עולם צוויי־דריי שעה, כסדר, פערשפּאַרט אין איינגשאַפט און אָהן לופט, ווי עס פיהרט זיך ביי אונז, ברוך־השם, אַזוי אַז נאָך דעם בלייבט זיי שוין ניט איבער קיין צייט מעהר צו דורכצושמועסען זיך מיט'ן עולם ווי געהעריג איז, וועגען די ענינים וועלכע זענען באמת נייטיג און נוטצליך פאַר זיי צו וויסען און צו פערשטעהען? און אפילו ווען פערבייגעהענדיג, אַזוי פשט'לענדיג זיך און וויטצלענדיג זיך, וואַרפען זיך דורך אין זייער „זאָגעכץ" אַ פּאָר ווערטער וועגען יודישען לעבען אויך, אומשטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ טעם, וואָס פאַר אַ ווירקונג קען עס שוין האָבען?...

שטעלט אייך פאָר אָט אַזאַ מין סצענע, צום ביישפּיעל: עס פערזאַמלען זיך אין איין איינגע שול פון צעהן ביז צוואַנציג מנינים יודען, אָהן עין־הרע, און דער מגיד אָדער דער „מטיף", ווי עס רופט זיך היינטיגע צייטען, קריכט אַרויף אין דער הויך און שטעלט זיך אַוועק געוועהנליך, אויף דעם געוויסען פסוק פון ישעיה „את מי אשלח" אָדער דעסטגלייכען, און פיהרט עס דורך מיט אַ פשט'ל און מיט אַ משל, ביז ער געהט איבער צו זיך זעלבסט, היות אַזוי ווי „מיר" האָבען שוין, ברוך־השם, פון דעם „ענין" גערעדט אין כמה וכמה מקומות אין גרויסע שולען. פאַר גרויסע מבינים א. ז. וו., און פערבייגעהענדיג שיט ער מיט קלויזנערישע גלייכווערטליך, וועלכע די געוויסע „שנאָרער־מגידים" שלעפען שוין אַרום יאָהרען־לאַנג, און דער עולם לאַכט. . . און דער מגיד בייזערט זיך און שרייט: ש־ש־ש־א! און די „מזרח־יודען" קלאַפען איבער די סטענדערס, און „ששששא'קען,

און דער גאַנצער עולם „ששששאַ׳קעט אונטער, און ס׳ווערט, מהילה, אַ מין „ששששאַ״קעריי, אַ מין רַעש אַ מין טומעל, אַ מין קלאַפעריי אַז די ווענד הייבען אַזש אָן צו ציטערען, מיט איינעם וואָרט, ס׳איז פֿיין וואָס פֿיין הייסט!

אונזער מגיד וואַרפֿט אַוועק וועגען זיך — און הייבט אָן וועגען דער „בת־מלכה", דאָס הייסט די „כנסת־ישראל"... דאָ בייט ער איבער דעם טאָן, און הייבט אָן צו שיטען מיט „פסוקים" פֿון תנ"ך (ער מאַכט זיי נעביך פֿאַר קאַליקעס, ווי ס׳פֿיהרט זיך), גמרות, מדרשים, זוהר׳ס, אַ שטיקעל „עקרים", אַ שטיקעלע „בעל העקדה", אַ ברעקעלע „אַלשיך", מיט אַ „בעל־הטורים"ל פֿערבראָקט, אויף די אלע נעביך פֿרעגט ער אָן שרעקליכע קשיות, ווי האָליץ, און ער דרינגט אויס, און ווייזט אויף בריה׳ש, אַז אָט אַזוי ווי ס׳שטייט געשריבען אָט דאָרטען און דאָרטען, למשל, הייבט זיך ניט אָן צו שיקען, ס׳הייסט ס׳איז „ניט רעכט", „ניט גלאַט", מחמת וואָס? אָט „מחמת דעם און מחמת דאָס", „וואָרום (זאָגט ער — אויפֿהעבענדיג דעם טאָן) — „ז ע ל ט  ד אָ ס  אַ נ ד ע ר ש  ז י י ן אָט אַזוי און אָט אַזוי? — טאָ ווי זשע וועט זיך שיקען אָט דאָס און דאָס?!" „נאָך יענעם און נאָך יענעם נאָך — וואָס זיי זאָגען אָט דאָרטען און דאָרטען, ניט אַזוי און ניט אַזוי?!" „אלא וואַס־זשע? (זאָגט ער, אויפֿהעבענדיג נאָך העכער דעם טאָן) — וועלען מיר פּריווען איינזעטצען דאָרטען און דאָרטען, נאָך יענעם און נאָך יענעם נאָך, גאָר אַנדערש, כדי ס׳זאָל אויסקומען אפילו נאָך זיי נאָך אויך׳ט; וועט זיך (דאָ הייבט ער אויף דעם קול גאָר אויף אַנאַנדער אופן) וועט זיך אָבער ניט שיקען דאָס און דאָס"!!... „ובכן, רבותי, — (זאָגט דער מגיד, אונטערזינגענדיג מיט גרויס חן) — וועלען מיר דאָס אַלס מיט גאָט־ברוך־הוא׳ס הילף מ ס ב י ר זיין", ס׳הייסט מרחק זיין פֿון דעם שכל, ס׳הייסט, אויסדרעהען, און איינקוועטשען, „אָט אַזוי, אַ... און אָט אַזוי, אַ"... (דאָ צעקאָכט ער זיך און צעפֿלאַקערט זיך און צעזינגט זיך גאָר ניט מיט זיין קול) — „אצינד, רבותי, פֿערשטעהט איהר שוין, ווי עס קומט אויס אומעטום אי רעכט, אי גלאַט, אי קונציג, אויסגעצייכענט?! איאַ גוט?! ובכן?...

ובכן שנייצט אונזער מגיד אויס די נאָז און ווישט אָב מיט׳ן אַרבעל, און זאָגט ווייטער... און דער עולם? דער עולם זיצט און גענעצט... און דער מגיד — טהוט זיינס און זאָגט און צעלאָזט זיך מיט גרויס התלהבות, און פֿערטייטשט פסוקים פּשט׳לדיג, און זעצט איין די גמרות, מיט די מדרשים א. ז. וו. שפּיצעלדיג, ביז — ביז ס׳קומט אויס אַלץ אויפֿ׳ן אָרט קונציג, כפתור ופרח.

— נו? — ווי געפֿעלט אייך רבותי אָט אַזאַ מין סצענע?!

אונזער מגיד אָדער „מטיף", וויל גאָר ניט טראַכטען בשעת מעשה אויב עמיצער פֿונ׳ם עולם פֿערשטעהט גאָר וואָס ער האָט דאָ אויפֿגעטהון פֿאַר אַ קינצען; אויב דער פּראָסטער מענש ווייס גאָר צי עס געפֿינט זיך אין ערגיץ אָט אַזאַ פסוק, אָדער אַזאַ גמרא א. ז. וו.; אויב ער פֿערשטעהט גאָר פֿאַר וואָס שיקט זיך ניט אָט אַזוי ווי ס׳שטעהט געשריבען דאָרטען, למשל; און אויב עס שיקט זיך יאָ נישט, טאָ ווי־זשע ווערט עס נאָך דעם מגיד׳ס פּלוידעריי און דרעהעריי אַלץ „רעכט" און „גלאַט" און קונציג, ווי ער זאָגט?...

אָט דאָס אַלס פֿערגעסט אונזער מגיד, ווייל ער גיט זיך ניט אָב קיין דין וחשבון פֿ אַ ר  ו ו ע מ ע ן  ע ר  ז אָ ג ט; ווייל ער קען טאַקי אַנדערש ניט זאָגען ווי ס׳איז ביי איהם פֿערשריבען אין די עטליכע דרשות, וועלכע ער האָט אויסגעלערנט אויף אויסענווענינג און דעראיבער קען מען איהם ניט בעשולדיגען וואָס ער פֿערגעסט דאָס אַלץ — און ער שטעלט זיך אַוועק ווי אַ מאַשינע, און הייבט אויף זיין קול ווי אַ שופר, און זינגט ווי אַ „זאָגערין" אויף דער באָבעס קבר, ביז ס׳לאָזט זיך אויס די דרשה — און דער פֿאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָב...

— ר׳ ישראל, איהר געהט דאָך פֿון דער דרשה, האָט עפּיס דער מגיד גוט געזאָגט? (פֿרעגט מען איינעם פֿונ׳ם „עולם") — וואָס פֿרעגט איהר אויב גוט? מסתמא גוט! — דערצעהלט מיר אויך, איך בעט אייך, וועגען וואָס האָט ער געזאָגט? — וועגען וואָס? וועגען אַלץ! — פֿאַרט וואָס, צום ביישפּיל? — וואָס?... וואָס הייסט וואָס? — נו חאָטש עפּיס, איך בעט אייך, ר׳ ישראל! — האַ? וואָס?... ב׳ווייס?... זאָל מיך אַזוי וויסען בייז און אייך... די קונדסים לאָזען, אַ פּנים, הערען אַ וואָרט?...

אָט דאָס קומט אַרויס פֿון אַלע דרשות!

נאָר אַז דאָס איז אַלץ רעכט ביי זיי, ביי די מגידים אַליין, כי היא חייך — פֿון דעם לעבען זיי און ציהען שפּע... ווי ווערט עס אָבער רעכט און גלאַט ביי די חברות, ביי די ציוניסטען וואָס ד י נ ג ע ן אַזעלכע „מטיפים" און ש י ק ע ן זיי אַרום צו  ו ו ע ק ע ן דעם עולם, אויפֿבלאָזען דעם פֿונק?... אָט הערט זיך אַ שמחה אין שטעדטיל, די ציוניסטען פֿרעהען זיך, וואָס איז? אַ ציוניסטישער געדינגענער מגיד, האָט ג ע ז אָ ג ט — און דער עולם האָט געגעבען „שקלים"! צי 40 קאָפּ׳ לגלגולת!... פֿאַר וואָס ניט? אַזאַ מציאה! — אַ חלק אין „ארץ־ישראל" פֿאַר 40 קאָפּ׳, כמעט אומזיסט! נאָר אויך די מעשה, ס׳איז אין גאַנצען אַ טעות! דאָס האָט ניט געמאַכט דעם מגיד׳ס פּשט׳ליך, חלילה, נאָר פּשוט אַ יוד איז זיך נעביך געוויינט צו געבען, און בפֿרט איין אָרומאַן איז דאָך אַ בעל־צדקה; ניט נור אַ מגיד, זאָל פּריווען אַרויף אויף דער בימה אפילו איין אַלטע באָבע און זאָל אויסרופֿען מיט דעם מגיד׳ס קול, נור מיט ד ע ם  ז ע ל ב ע ן  נ י ג ו ן: „געוואַלד! ראַטעוועט! רבונו־של־עולם! יודישע קינדער, גיט [illegible] 40 קאָפּיקעס, מע דאַרף נייטיג אַ נדבה אויף „ישוב־ארץ־ישראל", ז זוי ווילען האָבען אונזערע גרויסע לייט" א. ז. וו. — גלויבט מיר דאָס זעלבע וואָלט געווען, און דער וואָס וויל ניט געבען גיט נאָך דעם מגיד׳ס דרשה אויך ניט.

אָט זאָל ווייזען דער מגיד אַ קונץ און איינריידען, אויסדרינגענדיג מיט זיינע פּשט׳ליך, אונזערע גבירים, אָדער אונזערע אינטעליגענטע, ווי מע רופֿט זיי, זיי זאָלען צעבינדען זייערע בייטעליך, און זאָלען זיין בעהילפֿיג זייערע ברידער א ו י ך — זאָלען אויסהעלפֿען די יודישע קאָלאָניזאַציע, זאָלען קויפֿען אַקציעס; און די אינטעליגענטע זאָלען נאָך דערצו נעהמען אביסעל צייט עטוואָס צו בעטראַכטען איבער זייער פֿאָלק, איבער זייערע קלענערע ברידער... אָבער אַ קונץ איז איינריידען דעם „המון עם", נעביך דעם דערשלאָגענעם מענשען, מיט אַ ציבראָכען האַרץ, ער זאָל ווערען אַ ציוניסט פֿאַר 40 קאָפּ׳?! מהיכא־תיתא, פֿאַר וואָס דען ניט? וועלכער פּשוטער יוד איז ניט איבערגעבען דעם כלל־ישראל? וועלכער פּראָסטער יוד איז ניט קיין ציוניסט? און וואָס פֿערלאַנגט מען דען פֿון איהם? בסך־הכל 40 קאָפּ?! מישטיינס געזאָגט, וועלכער יוד וויל דאָס ניט געבען 40 קאָפּ׳ פֿאַר דעם כלל־ישראל? ליידער געפֿינען זיך אויך פֿיעל צווישען אונזערע ניי־געבאַקענע ציוניסטען, וואָס מיינען גלייך מיט די ציוניסטישע געדינגענע „קדישים", מיט די „שנאָרער־מגידים", אַז דער גאַנצער ציוניזמוס בעשטעהט נור אין די 40 קאָפּיקעס... וואָס־זשע איז דער וואונדער אַז אַ פּראָסטער יוד מיינט אַז פֿאַר זיינע 40 קאָפּ׳ וועט ער קויפֿען אַ „חלק אין פּאַלעסטינע"? קען ער דען עפּיס מעהר וויסען פֿון דעם מגיד׳ס „זאָגעכץ"? אם כן, אַז יאָ אַזוי? ווי באַלד אַז פֿאַר „גבירים" טויגען ניט אונזערע מגידים, פֿאַר די אינטעליגענטען פּאַסען זיי ניט, און דער המון־עם פֿערשטעהט זיי ניט לחלוטין — בלייבט דאָך די פֿראַגע: פֿאַר וועמען זאָגט דער מגיד?

איי וואָס? באַזעל? קאָנגרעס? — יאָ אמת טאַקי, ס׳איז דאָרטען אַזוי געבליבען: „מען זאָל צו שיקען אומעטום אין אלע ראַיאָנען מגידים", זאָלען דרשה׳נען איבער פּאַלעסטינע א. ז. וו. וכל המרבה ב„מגידים" הרי זה משובח, אָבער... איז דאָס דען באמת אַזאַ מצוה ווי מרור צו די סדרים, אַז אַ יוד מוז עס עסען, חאָטש עס שלאָגט צום האַרצען, האָטש עס גיסט טרערען פֿון די אויגען? ס׳איז נור אַ וואונדער וואָס א ו נ ז ע ר ע דעלעגירטע אין באַזעל האָבען ניט געגעבען צו פֿערשטעהן די אויסלענדישע ציוניסטען, וועלכע האָבען אויף אונזערע מטיפים „אַרויפֿגעלעגט גרויסע האָפֿנונגען", אַז ביי אונז זענען נאָך ניט געבאָרען געוואָרען אַזעלכע מגידים, ווי זיי מיינען, ווייל זיי נעהמען אַ ביישפּיל פֿון זייערע פּרעדיגער, און ווען זיי וואָלטען חלילה פּריווען הערען אַ פּאָר מינוט אונזערן אַ מגיד, וואָלטען זיי דאַכט זיך די אויערען פֿערשטעקט און ענטלאָפֿען וואו דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט; און דאַרום מוזען מיר אביסעל צו וואַרטען, ביז דער ציוניזמוס אַליין וועט

אונז פֿערשאַפֿען רעכטע מגידים, ווי ס'געהער צו זיין, לעת־עתה אָבער מוזען מיר זיך בעגנעהן, אַנשטאַט „גערינגנגע מטיפים", מיט'ן זאָגען פֿון אייניגע פֿון די ציוניסטען וועלכע געפֿינען זיך, געוועהנליך, אין יעדער אָרט, אָבוואָהל זיי זענען אויך ניט קיין גרויסע ספּעציאַליסטען אין דעם פֿאַך — אָבער אַלץ בעסער ווי די „גערינגנגע קדושים", וויינינגס־טענס פֿערשטעהען זיי דאָך, על פּי רוב, דעם רעכטען תוך פֿון ציוניז־מוס, ווייניגסטענס ריידען זיי דאָך מיט דעם המון־עם מיט זיין לשון, נאָך זיין בעגריף נאָך, מיט לעבעדיגע ווערטער, אָהן פּשטליך, אָהן בדחנות, אָהן זינגעריי און ווילדע תנועות, און דער עיקר זייע'רע רייד זענען פּאָרט דברים היוצאים מן הלב — ווערטער וואָס געהען אַרויס פֿונ'ם האַרצען, פֿון אַ יודיש האַרץ וואָס פֿיהלט אמת'ע נישט גע־קויפֿטע ליעבע צום פֿאָלק.

י. י. ווייסבערג.

## יְרַחְמִיאֵל'קֶע.

אָדער

### יוּדִישֶׁע מַחוֹת מִיט יוּדִישֶׁע תַּכְלִיתִים.

I.

ס'איז געווען אין אַ אָסיען־טאָג, אַ פּאָר וואָכען נאָך סוכות. דענסט־מאָל איז מיר אויסגעקומען צו פֿאָהרען מיט דעם פּאָליעסער באַהן. דער וואַגאָן, אין וועלכען איך בין געזעסען, איז געווען דורך־און־דורך אָנגעפּאַקט מיט לויטער יודען און יודענעס, דאָס רוב האַנדעלס־לייט פֿון דער מיטעלער קלאַסע, וועלכע זענען געוועהנליך, ווי דער שטייגער איז, באַלד אַלע מיט אַנאַנדער בעקאַנט געוואָרען און איטליכער פֿון זיי האָט געגעבען געוואוסט ווי דער צווייטער הייסט און פֿון וואַנען ער איז, די צאָהל פֿון זיין הויז־געזינד, מיט וואָס ער האַנדעלט און וואָהין ער פֿאָהרט.

דער טאָג איז געווען וואָלקענדיג. אַ קליינינקער רעגען האָט נאָכ־אַנאַנד געקלאַפּט אויף די שויבען, און אַלץ וואָס ס'איז פֿערביינעפּלויגען דורך די פֿענסטער פֿאַר די אויגען, האָט אויסגעוויזען פֿערטרויערט, פֿערצאַגט. די הוילע פֿעלדער, די פּיסטע וועלדער, די געלבע אָפּגע־צעהרטע בלעטליך ביי די זייטען וועג און די גאַנצע נאַטור האָבען אויסגעקוקט מעלאַנכאָליש, מרה־שחורה'דיג, עפּיס ווי שטאַרק פֿער־בענקט נאָך דעם זומער...

אויף מיין זייגער איז שוין געווען נאָך פֿיער. אין אונ'ער וואַגאָן האָט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען, און דער גודיכטער טאַבאַק־רויך, וועלכער האָט זיך גאַנץ בהרחבה'דיק אַרומגעשפּאַצירט איבער איהם אין דער לענג און אין דער ברייט, האָט נאָך פֿערגרעסערט די דונקעל־הייט. מען האָט שוין באַלד איינער דעם צווייטען ניט געקענט זעהן. דער העסליכער וועטער מיט'ן פֿינסטערניש האָבען אין מיר אַביסעל דעם מוטה אַראָפּגעשלאָגען און עס האָט מיך גענומען ציהען צום שלאָף.

— יודען, מנחה! — האָט מיך פּלוצים ערוועקט פֿון מיין דרעמיל אַ דאָנערענדע באַס־שטימע, וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען פֿון אַ קורצען דיקסבייכיגען יודעל, מיינער אַ גאַנץ נאָהענטער שכן אויף דער באַנק.

דער עולם האָט באַלד אוועקגעוואָרפֿען שמיעסען און האָט זיך אַ האַפּ געטהון פֿון די ערטער. דער פּלאַן פֿון מנחה־בצבור איז אַלעמען שטאַרק אַריין אין נאָז.

— וואו נעהמט מען אָבער אַביסעל וואַסער די הענד וואַשען? — האָט איינער אַ פֿרעג געטהון.

— דאָ דאַרף, דאַכט מיר, באַלד זיין אַ סטאַנציע — האָט זיך אַ צווייטער אָפּגערופֿען — דאָרטען וועלען מיר קריגען וואַסער.

— עס וועט שוין אָבער באַלד ניט רעכט זיין מנחה צו דאַווגען — האָט אַ דריטער געזאָגט — ס'איז דאָך שוין אַ שטיק נאָך שקיעת־החמה.

און נאָך איידער עמיצער פֿון דער קאָמפּאַניע האָט געפֿינען וואָס צו ענטפֿערן אויף דעם דריטענס רייד, האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער מין תקיעה־גדולה'דיקער פֿייף אונ דער באַהן האָט אָנגעהויבען וואָס לאַנגזאַמער, איינגעהאַלטענער צו געהן, ביז ער האָט זיך צום סוף אָנידערגעשטעלט.

— יודען קריכט ניכער אַראָפּ די הענד וואַשען! — האָט איינער אַ קאָמאַנדעוויע געטהון — דאָ שטעהט דער פּאָיעזד ניט מעהר ווי אַ פּאָר מינוט, און ער קען נאָך אייך דאָ איבערלאָזען, חלילה.

כמעט ווי דער גאַנצער וואַגאָן יודען זיינען אַראָפּגעשפּרינגען אויפֿ'ן פּלאַטפֿאָרם. עס איז געוואָרען אַ גרויס געלייף, אַ געשריי, אַ גע־פּילדער. איטליכער האָט זיך אַלץ געשטופּט וואָס פֿריהער דעם קראַן פֿון פּעסעל אָנצונעהמען און לויפֿען ניכער צוריק אויף זיין אָרט. איין אַלטע יודענע, וועלכע איז אויך געלאָפֿען האַפּען אַביסעל וואַסער די הענד צו וואַשען, האָט מען געשלייידערט צו דער ערד. די סטאַציאָנע בעדיענטע האָבען זיך געהאַלטען פֿאַר די בייכער לאַכענדיק.

כדי צו רי־ניגען אַביסעל די זעהר געשטיקטע וואַגאָן־לופֿט, האָב איך אויפֿגעמאַכט אַ פֿענסטער און האָב אַרויסגעקוקט אויף גאָטס פֿרייער וועלט. אין וואַגזאַל האָט מען שוין אָנגעצונדען די לאַמפּען. דער רעגען האָט אויפֿגעהערט, און זעהר אַ קאַלטער, בייסינער ווינט האָט געבלאָזען דרויסען.

II.

עס האָט זיך שוין געהערט אַ קלינג. מעהר ווי אַ העלפֿט עולם איז שוין געזעסען צוריק אין וואַגאָן אויף זייערע ערטער. אייניגע פֿון זיי האָבען עפּיס פֿאַר זיך געברומט אונטער די נעזער, קענטיג ווי „קטרת". איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען ביים אָפֿענעם פֿענסטער און געשעפּט אין זיך די פֿייכטע אָסיען־לופֿט און צוגעקוקט זיך דערביי ווי די אַלטע יודענע, וועלכע האָט זיך כמעט ווי מיט איהרע לעצטע קרעפֿטען אויפֿ־געהויבען פֿון דער ערד און קוים פֿערקראָכען צום פּעסעל, האָט זיך נעביך אומזיסט געמאַטערט אויפֿדרעהען דעם קראַן. אַ וואַרפֿ־טהוענדיק יעדע סעקונדע מיט שרעק איהרע האַלב־בלינדע אויגען אַהינטער צום באַהן, צו זעהען אויב ער געהט חס־ושלום ניט אָפּ אָהן איהר...

— ניכער יודענע, מאַכט קיין שיהות ניט! — האָט זיך גערייצט מיט איהר הויכ'ן פֿענסטער אַ יונגער פּראַנט אַ מין וואָיאַזשאָר, ווי עס ווייזט אויס — וואָרום דער באַהן האָפּט און אַנטלויפֿט.

— נישקשה, יענטעלע, איהר קענט נאָך די הענט וואַשען — האָט איהר אַ בעקאַנטע יודענע בערוהיגט — מיר וועלען אויף אייך וואַרטען.

יענטע האָט זיך נאָך צום לעטצטען מאָל נעפּריפּט אַ קוועטש געגעבען דעם איינגעשפּאַרטען קראַן און זעהענדיג אז זיי קען מיט איהם גאַרנישט מאַכען, האָט זי שנעל אַ שטאַרקען רייב געטהון איהרע הענד אָן דער נאַסער ערד, און אָהן אַ אָטהעם זיך געלאָזט לויפֿען צו איהר וואַגאָן, וועלכען זי האָט ניט גלייך אויפֿגעזוכט.

— שדים ווייסען זיי וואָס זיי איילען זיך אַזוי! — האָט די אַלטע געשריי'ען אומלויפֿענדיג, פֿון וואַגאָן צו וואַגאָן — וואָס האָט מען דאָ, ווייס איך ניט, אַזוי קיין צייט ניט?

אין יענער מינוט איז ווי פֿערגנב'עט־הייד אַרוף אויף דעם פּלאַטצ־פֿאָרם, ניט פֿונ'ם וואַגזאַל אַרויס נאָר גלייך פֿון דער דרויסענזייט, אַ ניט קיין גאַנץ יונגע, הויכגעוואַקסענע ווייביל פֿון אָרמען שטאַנד מיט אַ קליין יונגעלע פֿון אַ יאָהר צו 1—11, וואָס מיט איין האַנד האָט ער זיך גע־האַלטען אָן איהר פֿאַרטוך און אין דער אַנדער האַנד האָט ער געטראָגען אַ קליינע טאָרבעטשקע, ביידע האָבען זיך געהענדיג אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטען מיט גרויס מורא, צי עמיצער קוקט ניט נאָך פֿון דערווייטען דאָס וואָס זיי ווילען דאָ אָפּטהון. פֿאַראיבער־געהענדיג פֿאַרביי אונזער וואַגאָן האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגען דעם פֿענסטער, פֿון וועלכען איך האָב אַרויסגעקוקט, און דאָס ווייבעל האָט מיך שטילערהייד געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, זייט מוחל, ר' קרוב, עס זיטצען עפּעס אַ סך יודען ביי אייך אין וואַגאָן?

— ניט צו פֿערזינדיגען — האָב איך איהר געענטפֿערט — העכער פֿון אַ פּאָר „מנינים" געוויס.

— קריך, ירחמיאל'קע, קריך געשווינד! — האָט די מוטער געזאָגט און האָט בשעת־מעשה אויפֿגעהויבען איהר יונגעל און ווי אַריינגעוואָרפֿען איהם דורך דער אָפֿענער טיהר אין וואַגאָן, אין וועלכען זי איז אויגענ־בליק אַליין אויך אַריינגעגאַנגען.

— קריך, זוהנינקע, אַרינטער אַט אונטער דער באַנק, וואו די הערהרען זיטצען — האָט זי איהם ווייטער געהייסען — דאָס זענען יודען מיט יודישע הערצער, זיי וועלען דיך פערשטעלען.

— האָט רחמנות, יודען, אויף אַ יונגען אָרמען יתומ׳ל אָהן אַ טאַטען וואָס פאָהרט לערנען תורה — האָט זי זיך געבעטען מיט אַ וויינענדיגער שטימע בּיים גאַנצען עולם — היט איהם אָפּ, איך בעט אייך, פון גויעשע הענט, און דער זכות פון דער הייליגער תורה וועט אייך ביישטעהען אַז איהר זאָלט דערלעבען האָבען נחת פון אייערע קינדערליך, זאָלען לעבען און געזונד זיין. אַז זיין טאַטע עליו־השלום וואָלט געלעבט, וואָלט ער דאָס איצט ניט בעדאַרפט.

— זייט רוהיג, יודענע, — האָט איהר אַ יונגערמאַן געטרייסט — איהר קענט זיך גאַנץ אונבעזאָרגט געהן אַהיים געזונטערהייד. אויף דעם איז מען דאָך עפּיס פאַ־ט פון די „רחמנים בני רחמנים“.

– גאָט זאָל אייך דערפאַר מאריך ימים ושנים זיין, גיטע יודען! איהר ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ גרויסע מצוה איהר פּע־דיענט דערמיט!

דערווייל האָט געקלינגען דער דריטער קלאַנג און זי האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויפ׳ן יונגעל און האָט אַלע זיינע גליעדער בעשאָטען מיט הייסע קושען אונטער אַ ים טרעהרען.

– פאָהר בשלום, ירהמיאל׳קע! דער זכות פון דיין טאַטען עליו־השלום זאָל אַזוי גרויס זיין אַז דו זאָלסט דאָרטען קומען צו אַ שטיקעלע תכלית. שרייב מיר, למען־השם, באַלד פון דיין קומען.

און ווי אַ וויכער איז זי אַרויסגעלאָפען פון וואַגאָן און מיט איין שפּרינג שוין געווען אויפ׳ן פלאַטצ־פאָרם.

— לאָז נאָך אַ מאָל געריסען, מאַמע, משקה׳ן מיט אביגדור׳קען — האָט איהר דאָס יונגעל נאָכגעשריען, אַרונטע־קריכענדיג אונטערן באַנק – אַז משקה וועט אויסלע־רנען אין חדר „ביצה“ זאָלסטו מיר געבען צו וויסען, וועל איך איהם באַלד נעהמען צו זיך.

די מאַמע האָט שוין אבער ניט געהערט זיינע ווערטער.

דער לאָקאמאַטיף האָט אַרויסגעגעבען זיין משונה׳דיקע תקיעה און די וואַגאָנעס האָבען זיך ביסלעכוויים גענומען ריהרען.

איך האָב צוגעמאַכט דעם פענסטער און האָב מיך געזעטצט צוריק אויף מיין אָרט.

„אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה!“ — האָט אָנגעהובען דער בייכיגער יודל מיט דעם בעוואוסטען מנחה־ניגון.

און דער גאַנצער עולם האָט זיך געשטעלט דאַוונען מנחה.

— זאָג נאָר, איטציק — האָט דער וואָיאַזשאָר אַ פרעג געטוהן אַ צווייטען יונגען־מענשען, וועלכער איז געזעסען איהם געגענאיבער — קען שוין אונז אין ארץ־ישראל בעסער זיין?

— איך מיין אַז ניט — האָט איהם געענטפערט דער אַנדערער — נאָר איך וואָלט אַזעלכע גליקען מוחל געווען די גוים...

און זיי האָבען ביידע פערוויכערט....

III.

אַז דער עולם האָט שוין געהאַלטען ביי „עלינו“, איז אַריין דער קאָנדוקטאָר מיט צוויי גראָבע שטיקליך סטעאַרינ־ליכט אין די הענד און דורכגעהענדיג צווישען די בענק, האָט ער אַ פרעג געטוהן צי עס פאָהרט דאָ ניט ווער פון דער לעצטער סטאַציע.

— זאָגט דעם אדון אַז „בלא“! — האָט זיך אַ יודיל פון דער זייט אַרויסגעהאַפּט מיט אַ עצה.

— ניקטאָ, גאָספּאָדין קאָנדוקטאָר, ניקטאָ! — האָבען זיך אַ סך קולות מיט אַמאָל געלאָזט הערען.

— נו, יודען — האָט אַ געשריי געטהון דער בעל־מנהה — זאָגט ווער „קדיש“!

אין דעם אויגענבליק האָט זיך דאָס יונגעל אַרויסגעחאַפּט שנעל פון אונטער דער באַנק און צוגעלאָפען צו אַ פענסטער און האָט אויף זיין זילבערנעם ביי־קול׳כעל, וואָס האָט אַביסעל ווי צוגעציטערט, אָנגעהויבען צו זאָגען: „יתגדל ויתקדש“....

דער עולם איז אַנפאַנגס געבליבען זיטצען ווי מבוהל׳דיק, באַלד אָבער האָבען אַלע מיט איין קול אויסגעשריען, און דאָס מאָל עפּיס מיט מעהר כונה, מיט מעהר היטץ ווי געוועהנליך, דעם „אמן יהא שמיה רבה“ און אַלע ווייטערדיגע אָמנ׳ס, אַז דער גאַנצער וואַגאָן האָט זיך געטרייסעלט.

דער קאָנדוקטאָר וועלכער האָט נאָר וואָס געענדיגט די ליכט אַנצינדען, איז פון שרעק געבליבען שטעהן צומישט אויף זיין אָרט, דערנאָך האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר גרויסע אויגען, פריהער אויף אַלע פּאַסאַזשירען און צולעצט אויפ׳ן יונגעל, וועלכער איז איהם דאָ עפּיס פלוצים אַזוי ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען.

— גדיע טוואָי בילעט? — האָט ער געפרעגט דעם יונגעל מיט אַ בעזען קול.

דאָס יונגעל איז געוואָרען וויים ווי קאַלך, און עס האָט איהם גענומען וואַרפען ווי אין קדחת.

— טי קודאַ יעדיעש? — האָט איהם דער קאָנדוקטאָר ווייטער געפרעגט מיט דערזעלבער צאָרענדיגער מינע.

ווי עס ווייזט אוים האָט דאָס יונגעל ניט פערשטאַנען וואָס מען פרעגט איהם, דען זיינע אויגען האָבען אומגעבלאָנדזעט פון איין יודען אויפ׳ן אַנדערען און זיינע בליקען האָבען זיך אַזוי ווי געבעטען מיט גרויס רחמים אַז מען זאָל איהם פערטייטשען דעם פירוש פון די ווערטער.

— וואָהין פאָהרסטו, יונגעלע? — האָט זיך טאַקי באַלד אַ יודל אַרויסגעהאַפּט פאַר אַ מליץ צווישען דעם קאָנדוקטאָר מיט׳ן יונגעל.

— איך פאָהר — האָט דאָס יונגעל געענטפערט און עס האָט איהם בשעת־מעשה געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן פון גרויס שרעק — איך פאָהר אין סקימינער ישיבה.

אַ גרויס געלעכטער האָט אויסגעשאָסען מיט אַמאָל אין וואַגאָן. די סבה פון דעם ניט ווילענדיגען געלעכטער איז געווען דאָס וואָס אַלע האָבען געוואוסט, אַז סקימין ליגט גאָר אין אַ אַנדער געגענד, און בכדי צוקומען אַהין, דאַרף מען פאָהרען ניט מיט דער ליניע און ניט מיט דעם פּאָיעזד...

עס זענען אָבער אַריבער נאָך אַ פּאָר מינוט און דאָס יודישע האַר׳ץ האָט אונז אַלעמען דערמאָהנט, אַז איצט איז ניט אַ צייט פון לאַכען, אַז פאַר אונז שטעהט אַצונד אַ אונגליקליכער, עלענדער יתום וואָס מען מוז איהם אויסהעלפען אין דער נויטה. עס האָבען זיך באַלד געפונען עטליכע יודען וואָס האָבען אָנגעהויבען איבער צו שמועסען מיט׳ן קאָנדוקטאָר אַז ער זאָל אָפּלאָזען דאָס יונגעל, און האָבען איהם מבטיח געווען מפַצה צו זיין דערפאַר. אַנפאַנגס האָט דער קאָנדוקטאָר כלומרשט ניט געוואָלט הערען און זעהען, נאָר דערנאָך איז ער ווייכער געוואָרען. ער האָט זיך אפילו געדונגען אביסעל — מיט׳ן מקח, נאָר צום סוף האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדען. און אַריינלייגענדיג אין קעשינע די עטליכע מטבעות, וואָס די פּאַסאַזשירען האָבען צווישען זיך צונויפגעקליבען פאַר איהם, האָט ער דעם יונגעל געלאָזען צו־רוה מיט דעם תנאי אַז אויף דער פיערטער סטאַציע זאָל ער אַראָפּגעהן, ווייל דאָרטען דאַרף זיין אַ קאָנטראָל, און מיט די ווערטער איז ער גלייך אַרויס פון וואַגאָן.

דאָס יונגעל, וועלכער האָט פון אַלעס וואָס ס׳איז דאָ פאָרגעפאַלען וועגען איהם ווייניג וואָס פערשטאַנען, האָט נאָך דעם קאָנדוקטאָרס אַרויסגעהן געוואָלט באַלד ווידער אַרונטערקריכען אויף זיין פריהערדיגען אָרט אונטער׳ן באַנק. דאָ האָב איך איהם ערקלערט אַז איצט דאַרף ער שוין פאַר קיינעם קיין מורא ניט האָבען און האָב איהם אָנגעוויזען אַ לעדיגען פּלאַטץ אויף דער באַנק נעבען מיר.

IV.

ירהמיאל׳קע האָט מיך שטאַרק פעראינטערעסירט.

אַ אויסגעווייקטער, אַ בלאַסער אָהן אַ בלוטס־טראָפען, דאַר און אויסגעמאָגערט, ווי אַ שפּאָן, איז ער געווען. היינט אַ הלוך, אַ גאַנג — אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען: אַ אַלטע אין גאַנצען אויסגעלאַטעטע ראַצע־מאָרענע קאַפּאָטקעלע, הויזען, שטיוועל אין הוילע לעכער, און

שוואַרצע, שמוטציגע שטיקליך פֿון אַ מין העמד, האָבען אַרויסגעשטעקט פֿון אַלע זייטען, און אונטען זיך פֿערפלאָנטעט אין די ציצית פֿונ׳ם טלית־קטן...

דערפֿאַר אָבער האָט דאָס יונגעל געהאַט אַ פּאָר זעהר שיינע גרויסע שוואַרצע קאַרשענ־אויגען, און אַ ברייטען שטערען, וועלכער האָט געקענט קאָנקוריערען מיט די שטערינס פֿון אונזערע גרעסטע רבנים...

בכלל איז אויף זיין גאַנצעס וועזען אויסגעגאָסען געווען אַ מין שטילער, זיסער טרויער, אין וועלכען עס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אַ דינער שאָטען פֿונ׳ם עווינ־נייעם יודישען פֿאָלקס־שמערץ...

— פֿון וואַנען ביסטו, יונגעלע? — האָב איך איהם געפֿרעגט.

— איך בין דאָ ניט ווייט פֿון אַ קליין שטעדטיל — האָט ער מיר געענטפֿערט — אוך בין אַ דראָסניקער.

— און דו פֿאָהרסט דאָס איצט אין סקימין לערנען?

— יאָ. איך בין יענעם זמן אַרויס פֿון דער דראָסניקער תלמוד־תורה און אַלע ביי אונז האָבען געזאָגט אַז איצט קען איך שוין לערנען אין דער גרעסטער ישיבה.

— האָסטו עפּיס אין סקימין בעקאַנטע? — האָב איך איהם ווייטער געפֿרעגט.

— בעקאַנטע? — האָט ער מיך ווי פֿערוואונדערט געפֿרעגט — אויף וואָס דאַרף איך דאָס דאַרטען האָבען בעקאַנטע?

— וואָס הייסט אויף וואָס? ווער וועט דיר דאָרט געבען עסען, טרינקען, אַ אָרט וואו צו שלאָפֿען?

— עסען וועל איך טעג און שלאָפֿען וועל איך אין דער ישיבה.

— וואָס, למשל, קלערסטו צו טוהן באַלד ווי דו וועסט קומען אין סקימין?

— די ערשטע זאַך וועל איך אויפֿזוכען דעם ראש־הישיבה און וועל איהם בעטען אַז ער זאָל מיר געבען אַ לייעניש, און אַז ער וועט זעהן אַז איך קען אָפּלייענען אַ בלעטיל גמרא מיט אַלע תוספות׳ן און מהרשא׳ס וועט מיר שוין געוויס דעגסטמאָל קיין זאַך ניט פֿעהלען.

— שוין לאַנג אַז דיין פֿאָטער איז געשטאָרבען?

— ניין, ניט לאַנג; ס׳איז נאָך קיין האַלב יאָהר ניטאָ נאָך זיי טוידט. ער איז שוין אָבער געווען אַ געשטאָרבענער נאָך מיט דריי יאָהר צוריק — האָט דאָס יונגעל אין אַ ווײַלע אַרום צוגעלעגט מיט אַ שטילען קרעכץ.

— וואָס הייסט? — האָב איך איהם געפֿרעגט פֿערוואונדערט.

— מיין טאַטע עליו־השלום איז אַ יאָהר דריטהאַלבען פֿאַר זיין טוידט משוגע געוואָרען און איז געשטאָרבען אויף אַ קייט אין „הקדש“.

— משוגע געוואָרען? ווי אַזוי און פֿון וואָס?

— זאָגען אייך גענוי ווי אַזוי, וויים איך ניט. נאָר דאָס האָב איך געהערט פֿון דער מאַמען און פֿון שכנים, וויפֿיעל מאָל ריידענדיג צווישען זיך, אַז אָנגעהובען צומישט ווערן האָט ער זינד יאַנקוטשקע דער פּראָ־צענטניק האָט ביי אונז אָפּגענומען מיט געוואַלט פֿאַר אַ חוב פֿון אַנדערהאַלבען רובל די צוויי גיפּסענע בילדער „משה און דער ברענענ־דיגער סנה“ און „בלק פֿיהרט אַרויף בלעמ׳ן אויפֿ׳ן ראש־פעור צו שילטען די יודען“, וואָס דער טאַטע האָט זיי אַליין מיט זיינע אייגענע הענד אויסגעקלעפּט, און האָט אויף זיי כמעט זיין גאַנצען לעבען אַוועקגעלעגט.

— וואָס איז געווען דיין טאַטע?

— אין דער יוגענד, וויים איך, איז ער געווען אַ מלמד. ער האָט אָבער פֿון מלמדות בעקומען אַ האַרצ־פֿעהלער און האָט עס דעריבער אַוועקגעוואָרפֿען און איז געוואָרען אַ מצבה־קריטצער, וואָס פֿון דעם האָבען מיר געלעבט ביז ער איז מטושטש געוואָרען. מיט די מצבות פֿלעגט ער זיך אָבער עוסק׳ן נור ביי טאָג אויפֿ׳ן בית־עלמין, און גאַנצענע נעכט כמעט ביז אין רעכטען טאָג אַריין פֿלעגט ער אָפּזיטצען אויף זיינע ריסונקעס.

— וואָס פֿאַר ריסונקעס זענען דאָס געווען?

— דאָס קען איך אייך אויף ריכטיג ניט זאָגען. נאָר ווי איך פֿערשטעה איצט זענען דאָס אַפּנים געווען פֿאָרמעס צו די פֿיגורען, וואָס ער האָט גאַנ׳ץ אָפּט געמאַכט פֿון לעהם. אויב איהר ווילט קען איך אייך ווייזען דעם ערשטען ריסונאָק פֿון די צוויי גיפּס־בילדער וועלכע האָבען מיין טאַטען אַזוי אונגליקליך געמאַכט. איך האָב איהם דאָ ניט לאַנג געפֿונען, וואַלגערנדיג זיך אין מיין מאַמעס „קרבן־מנחה סדור“, און האָב איהם דאָ איצט ביי מיר אין זעקיל.

ירחמיאל׳קע האָט אַרויסגעצויגען פֿון אונטער׳ן באַנק זיין זעקיל, האָט איהם פֿאַנאַנדער געבונדען און אַרויסגענומען פֿון איהם כסדר: פֿריהער אַ שטיקל שוואַרץ־ברויט מיט אַ האַלבען פֿערשימעלטען קעזיל, אַ פּאָר העמדליך, אַ דריי ארבע־כנפות׳ן און צולעצט אַ קליין פּעקיל ניט מיט גאַנץ ריינע פּאַפּיערען, וועלכע ער האָט אַוועקגעלעגט אויף זיינע קניע און האָט מיט זעהר אַ ערנסטער מינע אָנגעהובען איבער־צוקלייבען זיי איטליכס בעזונדער. צום סוף האָט ער מיר דערלאַנגט אַ היבש שטיקעל קאָרדאָנ־פּאַפּיער און געזאָגט: אָט דאָס איז דאָס!

דער ריסונאָק האָט מיך זעהר ענטציקט. דאָס איז ניט געווען עפּיס גלאַט אַ ריסונאַק, נאָר אַ עכט מאַלערישעס בילד, מיט בליי־פֿעדער בעאַרבייט, וואָס מען דאַרף נאָר דערצו קיין גרויסער קינסטלער ניט זיין אַרויסצוזעהן זיינע קינסטליכע מעלות, אין איטליכס שטריכעלע איז געווען פֿול לעבען, און יעדעס פּינטעלע האָט געאָטהעמט מיט אמת...

דאָס ערשטע בילד האָט פֿאָרגעשטעלט אַ גרויסע און אַ ברייטע וויסטע אָהן אַ סוף און אָהן אַ ברעג. אינמיטען איז צו זעהען דעם גרויסען באַרג חורב, וואָס זיין שפּיטץ ריהרט כמעט אָן דעם הימעל. ביי דער זייט פֿון באַרג שטעהט אַ הויכער דאָרנבוים אין אַ גאַנצען ים פֿון פֿייער און רויך; ער ברענט און ווערט ניט קלענער אפילו אויף אַ האָר. פֿון ווייטען שטעהט משה פֿול בעוואונדערונג און הייליגער מורא איבער דער געטליכער געשטאַלט און פֿערשטעלט מיט די הענד זיין געזיכט. טיעף אַראָפּ איז צו זעהען אַ טשערעדע שאָף ליעגט צושפּרייט איבער דעם גאַנצען געגענד און גריזעט גראָז...

דאָס צווייטע בילד האָט אויך בעוויזען אַ באַרג אין דער מדבר, אויף וועלכען עס זענען אויפֿגעריכטעט זיעבען מזבחות, איינער פֿון זיי רויכערט זיך, און נעבען זיי געהען אַרום מיט געפּענטעטע פֿיס עטליכע אָקסען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון איינינע באַראַנעס. דער וואָס שטעהט אויף דעם באַרג זעהט פֿון איין זייט די מואָבישע שטאָדט שטים און פֿון דער אַנדערער זייט דעם יודישען לאַגער. בלק אויסגעפּוטצט אין זיין קייזערליכען נאַציאָנאַל־קאָסטיום שטעהט פֿערבראָכען די הענד און זיינע אויגען שיעסען פֿונקען פֿייער אויף בלעמ׳ן, וועלכער ווייזט איהם מיט איין האַנד אויף די יודישע געצעלטען און די אַנדערע האַנד האַלט ער אויף זיין מויל צום צייכען, אַז ער קען ניט אַרויסרעדען דאָס צוליעב וואָס מען האָט איהם אַהער אַראָפּגעבראַכט. (פֿאָרטזעצונג קומט.)

ש. ל. ציטראָן.

---

## אַ גרים צו ציון.

(געווידמעט דעם בעריהמטען חובב־ציון מיין פֿריינד פּראָפֿ. ד״ר ריטשארד גאָטטהייל).

פֿיעל פֿרייד צו דיר, דו הייליג ציון!
פֿון גלות רופֿט דיר צו דיין קינד —
דיין זומער קומט, וועסט ווידער בליהען
אין דרויסען וועהט אַ לינדער ווינד.

הער אויף צו קלאָגען, ליעבע מוטער,
אַ נעה, דיין הילף איז גאָר ניט ווייט —
ער קומט, דיין ליעבסטער קומט, דער גוטער!
און ברענגט צוריק דיין ערשטע צייט.

גענוג אין עלענדקייט צו דרימלען,
דאָס גליק בעטרעט צוריק דיין שוועל—
אָט טאַגט עס אויף אין דיינע הימלען
דיין יוגענד־זון ערשיינט דיר העל.

און די וואָס זענען לאַנג פֿערגאַנגען
אין אַלע עקען פֿון דער וועלט,

נֵיי קוּמֶען ווִיעדֶער מִיט גֶעזאַנגֶען,
אוּן מאַכֶען לוּסְטִיג דֵיין גֶעצֶעלְט.

דֵיין טֶעמְפֶּעל וֶוערְט אַ נֵיי בֶּעלֶעבְּטֶער,
אוּנ דֵיינֶע חוּרְבוֹת וֶוערֶען גַאנְץ —
דֵיין שֶׁענֶע קְרוֹין, דֵיין גָאלְדֶנֶער סְצֶעפְּטֶער
בֶּעקוּמֶען ווִיעדֶער זֵייעֶר גְלַאנְץ.

אוּן דֵיין פֶערְשְׁמַאכְטֶע עֶרְד וֶועט גְרִינֶען,
אוּן בְּלִיהֶען דֵיין פֶערְדַארְטֶער בּוֹים —
אוּן דֵיין גֶעלִיעבְּטֶער וֶועט גֶעפִינֶען
אִין דִיר צוּרִיק זֵיין עֶרְשְׁטֶען טְרוֹים.

אוּן דוּ וֶועסְט ווִיעדֶער זֵיין דִי שֶׁענְהַייט
פוּן גָאלְדֶנֶעם מִזְרָח ווִי אַמָאל,
אוּן וַואהְרֶע לִיעבֶּע גָאטֶעס אֵיינְהַייט
וֶועט ווִיעדֶער קְלִינְגֶען אִין דֵיין קוֹל.

אוּן ווִיעדֶער וֶועט אִין דִיר זִיךְ שְׁפִּיגְלֶען
דֵיין אֵיין־אוּן־אֵיינְצִיגֶער — דֵיין גָאט!
אוּן ווִיעדֶער וֶועט זֵיין קוּשׁ עֶר זִיגְלֶען
אוֹיף דִיר, דוּ וואוּנְדֶער־שֶׁענֶע שְׁטָאדְט.

וֶועסְט מֶעהְר נִישְׁט הֵייסֶען דִי עֲגוּנָה
אוּן דִי פֶערְלָאזְנֶע, אַ, נֵיין! —
אַ טְרֵייסְט דִיךְ, טְרֵייסְט דִיךְ, הָאבּ אֱמוּנָה,
עֶר קוּמְט — דוּ בְּלַייבֶּסְט נִישְׁט מֶעהְר אַלֵיין.

מאָררים ראָזענפעלד.

---

## נייע ביכער.

**די העלדען פון ירושלים.** א היסטאָרישער ראָמאן נאָך דניאל מאָררא::צעוו. בעאַרבייטעט דורך מ. נ. פרייד, הערויסגעגעבען פון מ. ספעקטאָר, ווארשא תרנ"ט.

פאַר וואָס דאָס בוך טראָגט אויף זיך דעם נאָמען „היסטאָרישער ראָמאַן“ איז שווער צו פערשטעהן. ס'איז אפילו אַריינגעמישט דאָרט אביסעל בירניקה, די שוועסטער פון אַגריפּוס דעם צווייטען, נאָר די ראָמאַנטישע זייט פערנעהמט גאָר א קליין אָרט, ווי אַ ביי־זאַך וואָס געהער ווינציג זיך אָן מיט'ן עיקר, און דערפאַר קומט נאָך נישט עס זאָל הייסען „היסטאָרישער ראָמאַן“. און באמת האָט דער מחבר אַליין אָנגערופען זיין ווערק פשוט היסטאָרישע ערצעהלונג, נאָר דער יודישער איבערזעטצער אָדער דער הערויסגעבער האָט מְשַׁנֶה־הַשֵׁם געווען, אפשר פאַר אֶ סגולה צו עפּיס...

אַלס היסטאָרישע ערצעהלונג, וואו די וואונדערליכע גבורות פון די יודישע העלדען אין דער צייט פון חורבן־בית־שני זענען בעשריעבען אויספיהרליך און מיט ליעבע, איז דאָס בוך געוויס זעהר ניטצליך פאַר די יודישע לעזער, וואָס ווייסען בכלל כמעט גאָר נישט פון זייערע העלדען. אמת, די „הויפּט־העלדען“ פונ'ם ערצעהלונג קומען אַרויס נישט אַזוי ריכטיג געשילדערט. יוסיפון, למשל, „דער געלער“, ווי ער ווערט אָנגערופען אינ'ם ערצעהלונג, דער געוויסער פעלדהער פונ'ם פעסטונג יודפת, אַנשטאַט דעם וואָס אַנדערע מאָהלען איהם שוין צופיעל מיט שווארצע פאַרבען און לעגען אויף איהם אַרויף די שווערסטע חטאים, — ווערט ער דאָ פאָרגעשטעלט ווי דער גרעסטער גבור און פאַטריאָט. אויך בירניקה, די „העלדין“ פונ'ם „ראָמאַן“, קומט אַרויס שוין צופיעל בלייך און די אינערליכע פסיכולאָגיע איהרע איז ערטערווייז גאָר נישט ריכטיג. שטאַרק משונה קומט אויך אויס דער „פראָצענטניק“ ברנבה בן יהושע, א הייסער יודישער פאַטריאָט וואָס לייעט זיין גאָלד דעם רוימישען פעלדהער צו פיהרען די מלחמה אַקעגען די יודען...

דער איבערזעצער אָדער „בעאַרבייטער“ ה' פרייד האָט אין איינינע ערטער געוויסט וואו צו פערקירצען פאַר די יודישע לעזער, בעזאָנדערס סאלאפיל'ס טענות און שמיעסען. דאָס איבערזעצונג בכלל לעזט זיך נישט שווער. נאָר עס האָט אַביסעל דעם חסרון וואָס דאָס רוב אונזערע איבערזעצונגען אין זשאַרגאָן: אין פיעל ערטער צופיעל געקינצעלט, צופיעל ווערטער פון אנדערע שפּראַכען, פון דייטש, פון רוסיש, אַנשטאַט צו שרייבען פּראָסט יודיש, אָהן חכמות. דערפאַר איז אין איינינע שטעלען צופיעל „יודיש“, דאָרט וואו עס פאַסט גאָר נישט. בירניקה, א שטיינער, זאָגט צו טיטוס'ן: „ערשט וועט זיין לעצט און אחרון—כהן“, אָדער ברנבה זאָגט בירניקה'ן: „איך בין, לא עלינו, אַ פראָצענטניק“ און דעסטגלייכען. — אָדער נעהמט גאָר אַיין אַנדער אָרט: א געפאַנגענעם יודען קאָסטאַבאַרען קרייציגט אַ רוימישער סאָלדאַט און די צוועקעס זענען שוין אַריין טיעף אין זיין רעכטער האַנד—„דעמאָלט אָבער הויבט זיך פון העלער הויט קאָסטאַבאַרס לינקע האַנד און גיבט אַ פאַטש דעם רוימישען סאָלדאַט“. „פון דער העלער הויט“ איז געוויס זעהר א שיינע זשאַרגאָנישע פראַזע, נאָר ווי קומט זי אַהער טאַקי גאָר פון דער העלער הויט?

איינינע שטעלען זענען גלאַט נישט ריכטיג געשריעבען, איך מיין נישט אַקעגען דעם דקדוק (וואו האָט זשאַרגאָן, מישטיינס געזאָגט, א דקדוק?), נאָר אַקעגען דער פשוט'ער לאָגיקע *). נעהמט, למשל, גאָר די ערשטע פראַזע: „גלייך ווי א גוסס מיט'ן לעבען האָט זיך דאָס קעניגרייך פון יהודה געראַנגעלט מיט זיין עקזיסטענץ“ — א גוסס, ווייסט יעדער, ראַנגעלט זיך נישט מיט'ן לעבען נאָר מיט'ן טויט; דעסגלייכען האָט זיך דאָס קעניגרייך פון יהודה נישט געראַנגעלט מיט נאָר פאַר זיין עקסיסטענץ.

צו'ם סוף רעכען איך פאַר נייטיג אויפמערקזאַם מאַכען אויף די דרוק־גרייזען, מיט וועלכע דאָס בוך איז פול. עס ווייזט אויס אַז דער הערויסגעבער האָט זיך איינגאַנצען פערלאָזט אויף דעם יושר פונ'ם געוויסען „הבחור־הזעטצער“, און ווי אַזוי יענער פיינער בחור האָט געזעטצט אַזוי האָט מען געדריקט און קיין מגיה האָט זיך גאָר נישט צוגעריהרט... און אַזוי געהט אַרויס א יודיש ווערק נישט פון אַ מין מוכר־ספרים'יל, וואָס האָט מיט ליטעראַטור קיין שום שייכות, נאָר פון ספעקטאָר'ן, אַליין אַ בעוואוסטער יודישער שרייבער! בת־קול.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** = דאס וויענער אקציאנסקאמיטע האט געשיקט איין ערקלערונג צו דעם ציוניסטישען בלאַט „די וועלט“ וועגען דעם וואס מאנכע פרומע יודען מיינען אז דער ציוניזם וויל טהון אזעלכע זאכען וואס זענען קעגען דער יודישער רעליגיאָן. די ערקלערונג דערמאנט אין דעם וואס ד"ר הערצל האט געזאגט צום סוף פון דעם ערשטען קאנגרעס: „איך בין מבטיח אז דער ציוניזם האט נישט בדעה עטוואס צו טהון וואס איז קעגען דער רעליגיעזער איבערצייגונג פון וועלכער ס'איז פארטייי אין יודענטהום“. זי דערמאנט אויך די ווערטער וואס ד"ר גאסטער האט געזאגט אויף דעם צווייטען קאנגרעס: „דער ציוניזם מוז צופרידענשטעללען אלע רעליגיעזע פארטייען אין יודענטהום א. ז. וו.“ דער ציוניזם וואס וויל אויך העבען די יודישע קולטור קען נישט נאכגעבען איין פארטיי מעהר ווי דער אנדערער. נאר אזוי ווי דער בעריכט פון דער קולטורקאמיסיאָן האט בעוויזען אז די וויכטיגסטע קולטור-ארבייט איז איצט פערברייטען די העברעישע שפראך, האט זי אין וויען געגרינדעט א העברעישען שפראכפעראיין וועלכער וויל מיט אלע מיטלען ארבייטען צו פערברייטען העברעישע שפראך און יודישע היסטאריע. די תקנות פון דעם שפראכפעראיין זענען שוין בעוויליגט, יעדער וואס וויל זיין א חבר צו איהם צאהלט וועניגסטענס $^{1}/_{2}$ פלארין יעהרליך און מוז זיין נאמען בעקאנטמאכען בריעפליך צו ד"ר לעאָפאָלד כהן וויען. די קולטורקאמיסיאן האט געפועלט ביים אקציאנסקאמיטע צו שטיצען די ביבליאָטעק „מדרש אברבנאל“ אין ירושלים, וואס איז געגרינדעט געווארען פון ד"ר חזנאָוויץ. דאס קאמיטע האט בעוויליגט 300 רובל.

= אין אונגארן האט מען ביז איצט גאר נישט געהערט פון ציוניזם און אז מען קען אין דעם לאנד וואס האט אליין אזוי פיעל אייגענעם וויין אויך בעציהען וויין פון ארץ-ישראל, דאס איז שוין קיינעם נישט אין זינען געקימען. פאר פסח האט מען אין פעסט געמאכט א פראָבע אין בעצוגען וויין און קאָניאַק און אונגארישע צייטונגען קענען זיך גאר נישט גענוג אייסלויבען דעם וויין ווי גוט ער איז. זיי בעהויפטען אז לויט ווי דער וויין איז גיט אין טעם און לויט

*) גאר נישט ריכטיג, דאס הייסט פשוט פאַלש, איז דאס „איבערזעצען“ קסערקס אויף כורש, מדי אויף מדין, אדער „ארך אפים ורב חסד — דער גוטער און בייזער גאָט“ א. ד. ג.

דער צאל פון פרעמדען וויין איז טהייער, איז דער ארץ-ישראל-וויין גאר במקח השוה און יעדער יוד קען זיך פערגינען ארץ-ישראל-וויין אויף פסח צו קויפען.

= די בעראנעסע הירש ווערט נישט מיד געבענדיג. פאר אפאר טעג האט זי געשענקט 40,000 פל. פיר דען פעראיין „פעריענהיים“ אין וויען וועלכער האט דעם צוועק צו שיקען ארומע שוואכע שולקינדער אויף פרישע לופט אין די זומער-צייט. די בעראנעסע האט שוין זייט עטליכע יאהרען בעוויליגט אז א ערך פון 200 קינדער האלטען זיך אויף אין איהר שלאם ראססיטץ ביי ב ר י ן (מעהרען) און מיט דער איצטיגער נדבה האט זי דעם פעראיין געגעבען א שטארקע שטיצע ער זאל קענען זארגען פיר דיא ארומע שולקינדער. — אויך אין פעסט האט די בעראנעסע בעוויליגט א שטיצע אויף צו בויען א הויז פיר יודישע יתומות צוזאמען מיט א שולע פיר יודישע לעהרערינס. דאס געביידע וועט קאסטען $^1/_4$ מיליאן גולדען.

= די יודישע אסימילאנטען פון מעהרען ווייסען שוין גאר נישט וואס צו טהון אבי נושא-חן צו זיין, אפילו — ביי ד"ר לועגער דעם המן פון וויען. אין ברין, די הויפטשטאדט פון מעהרען איז דא א יודישער לאנדעספאנד פון מעהר ווי א מיליאן גילדען. און אזוי ווי ד"ר לועגער איז נעביך געווען אין פערלעגענהייט און האט נישט געקענט בעקומען קיין געלד פיר די נייע איינריכטונג פון גאז-בעלייכטונג ביז א בערלינער באנק האט זיך אויף איהם מרחם געווען, האבען מעהרישע יודען בעוויזען אז זיי ארט גאר ווייניג וואס דער וויענער המן טהוט די יודען אין עסטרייך און אזעלכע צרות אין זיי האבען פון דעם מעהרישען לאנדעספאנד, פאר אמת'ן יודיש בלוט. וואס וואלט בעדארפט דיענען נור פיר יודישע צוועקע, געקויפט אקציעס פיר 10,000 פון דער וויענער גאז-אנלייהע. אזוי קישט מען די רוט וואס שלאגט! . . .

*

**רוסלאנד** = פאר עטליכע וואכען האט די חברה „מפיצי-השכלה“ געמאכט א באל מיט א פארשטעלונג אין איינעם פון פעטערבורגער זאלאנען. דער באל האט געבראכט קרוב צו צוויי טויזענד רובעל, און דאס וועט געה אויף שולען פאר קינדער וואס הייבען ערשט אן צו לערנען.

— די חברה „מפיצי-השכלה“ האט אפגעדרוקט אין צייטונגען א צירקוליאר, אדער א מודעה, בזה-הלשון; „אינ'ם פערלויף פון די 35 יאהר וואס די חברה עקזעסטירט, האט זי אויסגעגעבען גרויסע סוממען געלט, צו שטיצען יונגע לייט וואס בילדען זיך.

„הונדערטער יודישע יונגע לייט, וועלכע האבען זיך געלערנט אין די העכערע שולען (אוניווערזיטעטען און פאליטעכניקום) און די מיטעל-שולען (גימנאזיעם און רעאלנע) האבען געקריגען שטיצע פון דער חברה, וועלכע האט פאר זיי געצאהלט שכר-למוד אדער זיי געגעבען יעדען חודש צום לעבען, און זעהר אפט איז דאס געווען די איינציגע שטיצע פאר די יונגע לייט, אז זיי זאלען קענען זיך בילדען און ווערען מענשען.

„מייסטענס, די וואס האבען בעקומען הילף פון דער חברה, האבען ארויסגעגעבען א צעטעל, אז דאס געלט וועלען זיי שפעטער אפגעבען צוריק, ווען זיי וועט נור מעגליך זיין. און אויסער די פארמאלנע צעטלען, איז דאך גלאט על פי יושר א הייליגער חוב אויף זיי, אפגעבען דאס געלט וואס זיי האבען גענימען פון דער חברה'ס ארימער קאססע, כדי די חברה זאל קענען שטיצען פרישע מענשען, נייע דורות, און העלפען די יונגע קינדער וואס מוזען געהן עפים לערנען אין שולעס.

„האבענדיג זעהר א ארימע קאסע קען די חברה ניט העלפען די יונגע קינדער וואס דארפען לערנען. לויט גענויע ידיעות, געפינען זיך איצט ביי יודען קרוב צו 400,500 קינדער, וואס געהען ניט אין שולע און האבען ניט קיין ביכער צום לערנען. די חברה שטרעבט, צו פערשפרייטען בילדונג צווישען יודען ווי וויט מעגליך. זי האפט אז אלע יודען וועלען איהר מיטהעלפען. בעזאנדערס אבער יענע יונגע לייט, וועלכע זענען א מאל אליין געשטיצט געווארען דורך דער חברה. דער קאמיטעט איז זיכער, אז די אלע וואס קענען בעצאהלען זייער אלטען, הייליגען חוב, וועלען זיך אפרופען און געוויס בעצאהלען. דאס געלט קען מען שיקען, סיי אין גאנצען סיי ביסלעכווייז, אויף דעם אדרעס פון קאמיטעט: ס' פעטערבורג, זאמיאטין פער. N. 4„.

ס'איז געוויס א הייליגער חוב אויף די אלע דאקטוירים, ארוואקאטען און אנדערע „געענדיגטע“, וואס האבען א מאל נור דורך דער הילף פון קאמיטעט געקענט לערנען און יעצט געהט זיי גאנץ גוט — אפגעבען דאס גענומענע געלט דער חברה, זי זאל פאר דעם קענען שטיצען אנדערע.

— דער קאוונער ראבינער ה' שניטקינד האט פארגעלעגט פאר זיינע חברים, ד"ה פאר אונזערע „קאזיאנע-ראבינער“, א פראיעקט, זיי זאלען מאכען א חברה שטיצען איינער דעם אנדערען. מיר ווילען דא איבערדרוקען ה' שניטקינד'ס רייד, וועלכע שילדערן דעם צושטאנד פון אונזערע ראבינער:

„אין דער לעצטער צייט בעמערקט מען, אז אלע וואס האבען איין גלייכע פראפעסיע, אדער קעהרען צו איין גלייכער קלאסע, מאכען חברות, צו אונטערהאלטען און שטיצען זיך, ניט נור איצט, אבער אויך אויף שפעטער. אין איינינע ערטער, למשל, האבען יודישע לעהרער געמאכט אזעלכע חברות. אפילו די מענשען וואס דינען אין פעטערבורגער יודישער געמיינדע סטארען זיך אויך איצט צו פארלעגען א קאסע, האבען א חילף אויף דער עלטער. נאר די ראבינער אליין האבען ביז איצט נאך גאר ניט געטהון, וועהרענד ס'איז גאר ניטא זייער גלייכען מענשען, וואס זאלען זיין אזוי וועניג פערזארגט פון א אומגליק ווי די ראבינער. דאס רוב לעבען זיי אין גרויס דחקות און קענען ניט אפשפארען אויף שפעטער. מיט וואס זענען זיי אלזא פארזארגט אויף דער עלטער, ווען זיי קענען שוין ניט ארבייטען? אדער וואס זאלען זיי טהון, ווען דורך עפעס א אינטריגע, בלייבען זיי פלוצלינג אהן א שטעלע און אהן מיטעל צום לעבען?“

דארום ראטה ה' שניטקינד, די ראבינער זאלען זיך מאכען א קאסע, וואו יעדער זאל צאהלען א געוויסע סומע געלט, און אז איינעם וועט טרעפען א אונגליק ער זועט בלייבען אהן א שטעלע. אדער קראנק ווערען, אדער אויף דער עלטער, זאל איהם די קאסע שטיצען.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז דער זאקאן פון 29 דעקאבער 1887 פארביט ניט יודען זיך אריבערציהען פון איין קרעטשמע אין דער אנדערער, אפילו ווען די קרעטשמעס געהערען צו צוויי בעלי-בתים און זענען גאנץ וויט איינע פון דער אנדערע, אבי נור זיי זיינען פון דעם אייגענעם דארף. דער פאל איז פארגעקומען אין וויטעבסקער גובערניע מיט דעם יודען ה י ר ש ש א ל י ט, וועלכער האט אין יאהר 1890 זיך אריבערגעצויגען פון דער קרעטשמע „פרודאק“ ווימיאנער וואלאסט, אין א אנדער קרעטשמע פון דעם אייגענעם וואלאסט- נור אפגעטרעטען עטליכע וויערסט. דער גובערנאטאר האט געהייסען שאליט'ן ארויסזעטצען פון דער נייער קרעטשמע, ווייל ער האט דאס בעטראכט ווי א בעזונדער דערפיל, און יודען איז דאך ניט ערלויבט צו בעזעצען זיך אויפ'ס ניי אין א דארף. דער סענאט האט אבער ערקלערט, אז ווי באלד די צוויי קרעטשמעס קעהרען צו איין דארפס-קהלה מעג דער יוד דארט זיך בעזעצען גאנץ פריי.

— לויט ווי קיעווער צייטונגען שרייבען, איז אנפאנגס היינטיגס יאהר געווען אין קיעוו „קופצעס“: ערשטער גילדיע: 17 קריסטען, 339 יודען; צווייטער גילדיע: 317 קריסטען, 44 יודען. צייגניסע צום האנדלען האבען אויסגעקויפט: פון ערשטער קלאס 17 קריסטען, 378 יודען; פון צווייטער קלאס שוין פארקעהרט, צו 31 קריסטען, 54 יודען. די ריכטיגע סבה, פאר וואס זענען אין קיעוו אזוי פיעל יודישע קופצעס I גילדע איז, ווייל פיעל וואס לויט זייערע געשעפטען וואלטען זיי בעדארפט זיין פון צווייטער גילדיע, בעצאהלען עקסטרע מעהר, כדי זיי זאלען מעגען וואהנען אין קיעוו און אין אנדערע שטעדט אויסער דער „טשערטא“.

— אין דער לעצטער זיצונג פון דער לעהר-קאמיסיע ביי דער חברה „מפיצי השכלה“, האט מען געקלערט דאריבער, ווי אזוי די חברה זאל ארויסגעבען ביכער, וועלכע די קינדער אין די שולען און איבערהויפט דאס פאלק זאל זיי לעזען. די קאמיסיע האט בעשטימט, ארויסגעבען איבערזעצונגען פון דייטשער שפראכע, ערצעהלונגען פון יודישען לעבען, בעשרייבונג פון יודישע גרויסע לייט. גאר צום ערשטען וועט די חברה אפדרוקען צוויי ערצעהלונגען פון דער פוילישער שרייבערין ארזשעשקא, איין ערצעהלונג פון בעריהמטען יודישען שרייבער פיליפזאהן און איין לעבענסבעשרייבונג.

— אין אקערמאן איז געגרינדעט געווארען א חברה צו שטיצען ארימע לייט. דער אוסטאוו פון דער חברה איז שוין בעשטעטיגט געווארען דורך דער רעגירונג.

— דעם 26 מאי ווערט הונדערט יאהר, צייט דער רוסישער בעריהמטער דיכטער פושקין איז געבוירען געווארען. אין גאנץ רוסלאנד מאכט מען גרויסע הכנות צום יובילעאום. אין יעקאטערינאסלאווער תלמוד-תורה האבען די פיהרער אויסגעקליבען א קאמיסיע, אז זי זאל בעטראכטען, ווי אזוי די תלמוד-תורה זאל אויך נעהמען א חלק אין יום-טוב. מען וועט די קינדער טהיילען ביכלעך מיט דער בעשרייבונג פון דעם רוסישען דיכטער, מען וועט מאכען עפעס א פארלעזונג פאר די קינדער.

— ווארשאווער געמיינדע וועט האבען הכנס'ת היינטיגס יאהר לערך 218,113 רובעל און הוצאות לערך 217,823 רובעל. די הכנסות זענען פון עטאט, נדבות, פראצענטען פון פאפירען א. ד. ג. די הוצאות זענען אויף אויסהאלטען די שפיטאלען, שולען, שטיצען ארימע לייט, געבען פענסיע די בעאמטע א. ד. ג.

= רילסקער פאלק, וועלכער שטעהט אין אסטראה (וואלינער גובערניע), האט דען 21 יאנואר געמאכט א באל לכבוד דעם פאלקאוואי דאקטאר יעקב שור, וועלכער האט בעקומען א שטעלע אין א אנדער פאלק און זיך געמוזט שיידען פון זיינע אלטע בעקאנטע. דער ה' שור איז געווען געליבט און געשעצט ביי'ם גאנצען פאלק דורך זיין חאראקטער און פלייסיגקייט, און די אלע אפיצירען האבען ביים באל שטארק בעדויערט וואס זיי מוזען זיך שיידען פון זייער חבר.

— אין קישינעווער אקרוזני סוד איז פארגעקומען דען 10 פעבראל א פראצעס צווישען דעם רב פון שטאדט ר' זלמן פרייגער און צוויי סוחרים, וועלכע האבען דעם רב בעליידיגט און געשריבען אויף איהם אז ער האט פאר עטליכע יאהרן גאסר'ט פסח'דיגען בראנפען און נאכדעם געוואלט 300 רובעל אראפנעהמען דעם איסור. ביז 30 עדות זענען געשטאנען, און עס האט זיך אויסגעוויזען, אז די געשיכטע איז אויסגעטראכט. די ריכטער האבען געפסקנט, די צוויי בעליידיגער זאלען זיצען 7 טאג אין תפיסה.

— דען 4 מארט איז געשטארבען אין ניצא דער לאדזער מיליאנער מארקוס זילבערשטיין, אלט 61 יאהר. ער איז געוועזן א גרויסער פאבריקאנט, פארשטעהער פון א גרויס אקציען-געזעלשאפט. ער האט איבערגעלאזט פיעל מיליאנען און זעהר א גוטען נאמען. ווען ס'איז געוועזן די חלירע פאר איניגע יאהרען אין לאדז, האט ער געבויט פאר 40,000 רובעל א פריוט פאר יודישע יתומים. 10.000 רובעל האט ער געגעבען אויף דער נייער האנדעלסשולע. אלע יאהר, זומער, פלעגט ער ארויסשיקען עטליכע הונדערט יודישע ארימע קינדער אין זומער וואהנונגען.

— אין דער נייער האנדעלסשולע וואס איז געעפינט געווארען אין זגערשו (ניט ווייט פון לאדז) נעהמט מען אריין יודישע שילער אהן א שום בעגרענצונג און איצט זענען דארט 70 פראצענט יודען. אויך איז בעשטעלט געווארען א יודישער רעליגיאן-לעהרער.

— אין וויען איז ניט לאנג געשטארבען א גרויסער גביר א ל י ע ז ו ר ה א פ ש נ י י ד ע ר פון קרים. וועגען דעם גביר ווערט ערצעהלט אזא מין געשיכטע: אמאל איז דער דאזיגער עושר געוועזן א גרויסער ארומאן. פיעל אלטע לייט אין יאלטע געדענקען נאך, ווי „לייזער" איז געזעסען אין מארק אונטער'ן בלויזען הימעל און געלאטעט אלטע קליידער. פלוצלינג האט איהם אשיין געגעבען דער ליכטיגער מזל און דער ארימער שניידער איז בעגליקט געווארען. דאס איז גע-שעהן מיט א יאהר דרייסיג צוריק. דאמאלס איז דער זעליגער קייזער אלעקסאנדער II געקומען פון ליוואדיע אין יאלטע. ארויסגעהענדיג פון קארעטע האט זיך דעם קייזערס סורדוט פארטשעפט און ס'האט זיך ביי איהם אפגעריסען א קנאפ. דער קייזער האט אויסגעגלייכט דעם סורדוט און שוין געוואלט אריינגעהן אין גארטען פון גראף מארדווינאוו. מיט אמאל איז, ווי פון דער ערד, אויסגעוואקסען א ארימער יוד, געשווינד ארונטערגעקראכען אונטער'ן קארעטע, ארויסגעשלעפט דעם אבגעריסענעם קנאפ, נאכגעלאפען דעם קייזער און געבעטען, ערלויבען איהם צונעהען דעם קנאפ. דעם קייזער איז געפעלען דעם יודענ'ס איינפאל און ער האט ערלויבט. דער שניידער האט געשיקט צוגענעהט, אריינגעשטעקט די נאדעל-פאדעם צוריק אין לאץ פון בגד און שוין געוואלט אוועק געהן. אבער דער קייזער האט איהם אכגעהאלטען:

„וואהין? און פאר דער ארבייט?"

„דאנק אונטערטעניגסט, אייערע קייזערליכע ערהאבענהייט! איך בין יעצט אזוי גליקליך אז איך פערלאנג קיין שום זאך ניט. סיידען אפשר..."

„נו, וואס?"

„א שיל — מיין איך — אייערע מאיעסטעט"

„וועלכע שילד?"

„ס'הייסט, אז אויף איהר זאל שטעהן געשריבען: „לייזער חיימאוויטש האפשניידער, שניידער פון זיין קייזערליכע מאיעסטעט". מעהר פערלאנג איך גאר ניט.

דער קייזער האט פערשטאנען זיין כונה, זיך צולאכט און ערלויבט אזא שילד. א פאר וואכען שפעטער איז אויף איינעם פון די הייזער אין יאלטא אויס-געוואקסען א שילד מיט גרויסע ווערטער: „גייע געעפנעטע שניידעריי פון זיינער קייזערליכען מאיעסטעטס שניידער לאזאר האפשניידער", און דער סוף איז געוועזן אז דער קנעפיל-צונעהער האט איבערגעלאזען א ירושה פון עטליכע מיליאן רובעל!

— אין אדעסער פאלאטע איז געוועזן א אינטערעסאנטער משפט וועגען א חליצה, די געשיכטע איז אזוי געוועזן: פאר 6 יאהר איז איינער פאסטין גע-שטארבען און האט איבערגעלאזט א יונגע ווייב אהן קינדער, און לויט אונזער דת האט זי געדארפט נעהמען חליצה פון איהר שוואגער, דעם מאנ'ס ברודער. דער שוואגער האט אבער איהר ניט געוואלט געבען קיין חליצה, ווייל ער האט דאס גערעכענט פאר א בזיון פאר זיך. האט די אלמנה איהם אנגעקלאגט און פערלאנגט איינס פון די צוויי: אדער ער זאל איהר בעפרייען, זי זאל קענען חתונה האבען מיט איין אנדער מאן, אדער ער זאל איהר געבען 10 רובל א חודש, זי זאל האבען פון וואס צו לעבען. אין אקרוזני-סוד האט די פרוי פארשפיעלט און זי האט אנגעגעבען אין פאלאטע. די פאלאטע האט געפרעגט ביי אדעסער רבנים וואס איז דער ענין פון חליצה. די רבנים האבען ערקלערט דעם גאנצען ענין און געזאגט אז לויט יודישען דת, וויבאלד דער שוואגער וויל זיין שוועגערין ניט געבען חליצה און דאדורך קען זי ניט חתונה האבען מיט איין אנדער מאן, מוז ער איהר געבען אויף חיונה. אזוי איז אויך געוועזן די מיינונג פון דעם קאמיטעט רבנים וואס דער מיניסטער האט צונויפגערופען אין פעטער-בורג. — די פאלאטא האט סקאסירט דעם פסק פון אקרוזני-סוד און האט צו-געפסקנט, אז דער שוואגער מוז אויסהאלטען זיין שוועגערין, אז ניט, זאל ער איהר געבען חליצה.

*

**דייטשלאנד.** = אין דרום-דייטשלאנד איז דא איין ערציעהונג-אינשטיטוט פיר יודישע קינדער וואס לערנען דארט פערשידענע מלאכות, איבערהויפט ערד-ארבייט און גערטנעריי. דאס אינשטיטוט איז געעפנעט געווארען אין יאהר 1892 מיט 9 תלמידים און האט שוין איצט 83 תלמידים. 29 יונגע לייט וואס האבען דארט אויסגעלערנט האבען שוין גוטע שטעלעס און זענען געווארען זעלבסטשטענדיגע מענשען. דורך די ארבייט פון דעם יונגען ראבינער ד"ר פינקעל אין ברעסלוי האט זיך דארט געגרינדעט א קאמיטעט פון די גרעסטע לייט וואס וויל אצינד דאס אינשטיטוט פערגרעסערן, כדי עס זאלען קענען נאך מעהר יונגלעך אויפגענומען ווערען.

= אם 5 מערץ איז געוועזן אין פראנקפורט א אסיפה פון דעם קאטאלישען דייטשען פעראיין פון דעם הייליגען לאנד, וואו דער גייסטליכער ש מ י ד, וועלכער האט פערטרעטען די דייטשע קאטאליקען ביים בעזוך פון דייטשען קייסער אין ארץ-ישראל, האט געגעבען בעריכט איבער די פערהעלטניסע אין ארץ-ישראל. אין זיין רעדע האט ער אזוי געזאגט: „איבעראל געפונען זיך בליהענדיגע קאלאניעס וואס אין זיי ארבייטען יודען פלייסיג ערד-ארבייט, האדיוועןן בהמות און נאך אנדערע ניצליכע ארבייטען. אין די יודישע שולען לערנט מען אלע שפראכען, אם מייסטען אבער העברעיש און אין די גאסען פון ירושלים קען מען הערען רעדען נישט נור זשארגאן און פראנצעזיש, נאר אויך העברעיש. מען מוז מודה זיין אז די יודען אין ארץ-ישראל צייכנען זיך אויך אויס מיט זייער קלוגהייט און טיכטיגען געשעפטסגייסט". אין דער גענעראלפערזאמלונג האט זיך געוויזען אז דער פעראיין האט דאס יאהר געזאמעלט א ערך פון 200,000 מארק. ווי ווייניג איז אקעגען דעם דאס וואס די "רייכע יודען אין דייטשלאנד טהון פאר זייערע ברידער אין ארץ-ישראל!

= צוויי גרויסע מענער זענען אין דער לעצטער צייט געשטארבען אין בערלין: דער בעקאנטער ליבעראלער דעפוטירטער ב א מ ב ע ר ג ע ר וואס האט זיך כל ימיו ארומגעשלאגען מיט ביסמארק'ן וועלכער האט איהם שטארק געגעבען צו פיהלען אז ער איז א יוד און איהם צו ליעב האט ער געמאכט דעם אנטיסעמיטיזם. דער צווייטער איז דער בעריהמטער פראפעסאר ש ט י י נ-ט א ל, וועלכער איז געוועזן איינער פון די גרעסטע חכמים אין דער וועלט און האט מיט זיינע ספרים געבראכט כבוד נישט נור פיר די וויסענשאפט נאר פיר דאס גאנצע יודישע פאלק.

*

**ענגלאנד.** = אין אגרויסער אספה אין לאנדאן האט סיר פראנציז מ א נ ט ע פ י א ר ע א רעדע געהאלטען איבער ציוניזם. ער האט געזאגט אז ער מוז זיך אויסרערען איבער דער יודישער קאלאניאלבאנק וואס מאנכע ארבייטען קעגען איהר. ער אליין האט זיך זעהר שטארק בעשעפטיגט מיט דורכשטודירען די שטאטוטען פון דער באנק און ער האט זיך איבערצייגט, אז זי האט א געזונדע געשעפטליכע גרונדלאגע, ווייל זי ווערט נישט געגרינדעט פון יודען וואס האבען זיך ליעב אפצוגעבען מיט געפעהרליכע שפעקולאציעס אויף דער בערזע. און חאטש די באנק וויל טהון גוטס פיר דאס יודישע פאלק, מיינט מאנטעפיארע, אז זי וועט זיין א אונטערנעהמען וואס וועט פיעל רֶוַח ברענגען. ער אליין איז ענטשלאסען אקציאנער פון דער באנק צו זיין און ער האפט אז י ע ד ע ר ג ו ט ע ר י ו ד ו ו ע ט ד א ס ז ע ל ב ע ט ה ו ן.

= אויפ'ן אינזעל ציפערן וואס געהער צו ענגלאנד האבען די יודען פולע פרייהייטען. ס'איז דארט דא א יודישער פאליציי-אינשפעקטאר מיט דעם טיטול „הויפטמאן", ער הייסט פויל בלאטנער און וואהנט דארט זייט 22 יאהר. א צייט לאנג איז ער געוועזן דער איינציגער יוד אויפ'ן אינזעל. פאר זיינע גרויסע פעהיגקייטען און זיינע קענטניסע האט ער גרויס כבוד דערלאנגט. ער איז זעהר א גוטער יוד וואס איז תמיד שטאלץ מיט דעם יודישקייט. ווען די גאליצישע קאלאניסטען, וואס די טארנאווער חברה „אהבת ציון" האט אוועקגעשיקט, זענען געוועזן אויפ'ן וועג האט ער זיי גרויסע טובות געטהון.

*

**פראנקרייך.** = אין דרייפוס-משפט איז דערווייל שטיל און רוהיג די אקטען זענען איבערגעגעבען געווארען דעם סענאט פון פעראייניגטען קאסא-ציאנסהאף און ווי ס'הייסט וועט די פערהאנדלונג איבער דער רעוויזיאן ערשט זיין אם 13 אפריל,— און עסטערהאזי, דאס חשוב בחור'ל פון גענעראלשטאב האלט אין איין אויסזאגען פון דעם חדר. ער דערצעהלט אין א ענגלישער צייטונג, אז אלסדינג וואס ער האט געטוהן און געזאגט איז געוועזן אויף בע-פעהל פון זיינע פארגעזעצטע. אמת נישט אלדינג וואס ער שרייבט וויל מען איהם גלויבען. נאר אויס אלעמען דערקענט מען אסך זאכען וואס ווייזען אויס צו זיין אמת. איבערהויפט וואס ער דערצעהלט פון זיין פערקעהר מיט פאטי דע קלאם, מיינען אלע צייטונגען אז דאס איז אמת; והראיה אז מען האט קעגען איהם געפיהרט א אונטערזוכונג.

= זונטאג דען 19 מערץ איז געוועזן אין פאריס א אסיפה פון אלע חברות „חובבי ציון" וואס געהערען צו דעם פאריזער צענטראל-קאמיטע און האבען געשיקט זייער דעלעגאטען צו דער אסיפה. עס זענען דארט זעהר וויכ-טיגע זאכען בעשלאסען געווארען וואס מיר וועלען איבער זיי נאך אויספיהרליך בעריכטען.

*

**אמעריקא.** = אין א קליין דערפעל פון אינזעל יאמייקא האט מען ענט-דעקט, ביים גראבען, א יודיש בית-עלמין וואס פון די מצבות ווייזט אויס אז ער איז אלט 150 יאהר. אין דער געגענד ווייסט מען זיך אפילו נישט צו דערמאנען צי עס האבען דארט אמאל געוואהנט יודען, נאר דער בית-עלמין בעווייזט, אז דאס ארט האט געהאט אסך יודען. יודען זענען אריין געקומען נאך אין יאהר 1503, באלד נאכדעם ווי קאלומבוס האט ענטדעקט אמעריקא.

---

# פֶּעלִעטאָן.

## דֶער פַּאפִּירֶענֶע בְּרִיק.

**(אַ בָּאבֶּע־מַעֲשֶׂה פוּן מְשִׁיחַ'ס צַייטֶען).**

(ענדע).

זֶעהֶענְדִיג
דֶעם עוֹלָמ'ס פְרֵייד,
הֶערֶענְדִיג
דִי אַלֶע רֵייד

מִיט דִי פְּלַאנֶעס
פוּנְ'ם קָהָל
שוֹין אוֹיף גַאנְץ
אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל,–

„–שְׁטֶעהְט, רַבּוֹתַי,
וַוארְט נָאר אוֹיס;
אַייעֶר גְלִיק
אִיז טַאקִי גְרוֹיס"–

הָאט גֶעזָאגְט
מָשִׁיחַ – „יוּדֶען"
מֶעגֶען טַאקִי
זַיין צוּפְרִיעדֶען,

„הוּלְיֶען אוֹיפְ'ן
הֶעכְסְטֶען אַרְט,
וָואס זֵיי הָאבֶען
מִיךְ דֶערְוַוארְט;

„אָבֶער קוֹדֶם
אַלֶע זַאכֶען
דַארְף אִיךְ דָאךְ
דֶעם בְּרִיק אַייךְ מַאכֶען,

„ווִי אִיהר וַוייסְט דָאךְ,
פוּן פַּאפִּיר;
בְּרֶענְגְט־זְשֶׁע
מַאטֶערְיַאל צוּ מִיר"...

„– וָואס? פַּאפִּיר?
אָח, מִיר פַארְמֶעגֶען
דָאס אֲפִילוּ
אַכְטְצֶעהְן וֶועגֶען:

„הְנָאִים... גֶט...
פְרִיחָאד־רַאסְחָאד...
יוּדֶען שְׁרַייבֶען,
דַאנְקֶען גָאט!"

---

אוֹיפְ'ן שׁוּלְהוֹיף,
וואוּ אִין בְּלָאטֶע
שְׁוִוימְט אַרוּם
אַ גַאנְצֶע רָאטֶע

גֶענְז אוּן קַאטְשְׁקֶעס
טָאג אוּן נַאכְט,
אִיז גֶעוֶוען
דֶער סְקְלַאד גֶעמַאכְט;

יוּנְגְלִיךְ, מֶעדְלִיךְ,
וַוייבֶער, זְקֵנִים
הָאבֶען זִיךְ
צוּיָאגְט אִינְאֵיינֶעם

אוּן פַּאפִּיר
הָאט יֶעדֶער בָּאלְד
אָנְגֶעבְּרַאכְט
אַ שְׁרֶעק, אַ גְוַואלד–

---

סְפָרִים, בִּיכְלִיךְ,
בְּלֶעטֶער, בְּלֶעטְלִיךְ:
יוּדֶען לוֹמְדִים
נֵייעֶ פְּשָׁטְלִיךְ,

שַׁארְפֶער, טִיעפֶער–
עַל פִּי רוֹב
אוֹיף נֵיזָתָא'ס
גְרוֹיסֶען „וָאו;

אוֹיף „צְפִיחוֹת",
„אַחַשְׁתְּרָנִים",
מִיט נוֹטְרִיקוֹן
אוּן סִמָנִים;

אוֹיף דֶעם רֶמֶז,
וָואס אִיז שַׁייךְ
צוּ דִי וֶוערְטֶער
„שְׁגֵי שְׁבַיךְ";

דִי זְשַׁארְנָאגֶע
רָאמַאנִיסְטֶען –
גַאנְצֶע פֶּעק
פוּן אַלֶע מִיסְטֶען,

ווִי לְמָשָׁל:
אַ רָאמַאן
„דְרַייצֶעהְן וַוייבֶער
אוּן אֵיין מַאן";

„פוּן אַ בַּת־מַלְכָּה
מִיט צְוַואנְצִיג
פֶּעלְד־גַזְלָנִים
גֶעגֶען דַאנְצִיג",

ווִי זֵיי הָאבֶען
מִיט גֶעוואלְד
אִין אַ גְרוֹיסֶען,
טִיעפֶען וַואלְד,

זֵי פַארְפִיהְרְט
אוּן דָארְט פַארְבָּארְגֶען
אִין אַ הֵייל,
אוּן ווִי אוֹיף מָארְגֶען

אִיז גֶעגַאנְגֶען
דוּרְכְ'ן וַואלְד
אַ בֶּעהֶעלְפֶער
יַעֲנְקֶל שְׁפַּאלְט

(נָאךְ אַ שְׁטֶעקֶעל
צוּ דֶעם קַאנְצִיק
פַאר דִי יוּנְגְלִיךְ
מַק"ק דַאנְצִיג):

הָאט דִי בַּת־מַלְכָּה
גֶעפוּנֶען,
דִי גַזְלָנִים
אִין אַ בְּרוּנֶען

זֶעהֶער קְלוּג
אַרֵיינְגֶענַארְט,
אַלֶע צְוַואנְצִיג
דָארְט פַארְשְׁפַּארְט

אוּן אַוֶועק
בַּיי נַאכְט פַאמֶעלִיךְ
מִיט דֶער בַּת־מַלְכָּה
צוּ'ם מֶלֶךְ;

ווִי דֶער מֶלֶךְ
הָאט בַּאלאהְנְט
דֶעם בֶּעהֶעלְפֶער,
וֶועלְכֶער וואהְנְט

אִיצְט אִין גִינְזְבֶּערְג,
הַאלְט דָארְט סְקְלַאדֶען,
פִיהְרְט גֶעשֶׁעפְטֶען,
נֶעמְט פָאדְרְיַאדֶען...

אוּן אַזוֹי
אוֹיף דְרַייצֶעהְן אֵייל
אַ רָאמַאן
אִין זִיעבֶּען טְהֵייל...

---

דִי זְשַׁארְנָאגֶע
גְרַאמֶענְקְלַייבֶער–
שַׁארְפֶע מוֹחוֹת,
וַואזְשְׁנֶע שְׁרַייבֶער

מִיט פַאנְטַאזִיעֶס
אַ בְּרַאנְד!–
הָאבֶען תֵּיכֶף
אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט

אַ פָּאר צִיעגֶען
אִין אַ שְׁלִיטֶען
מִיט אַ בְּהֵמָה
אִין דֶער מִיטֶען

אוּן גֶעבְּרַאכְט
פַּאפִּיר אַ בַּארְג
אוּן גֶעזָאגְט,
אַז אוֹיבּ סְ'אִיז – קַארְג,

וֶועלֶען זֵיי –
מֶע זָאל נִיט זָארְגֶען –
נָאךְ אַזוֹי פִיעל
בְּרֶענְגֶען מָארְגֶען:

שִׁירִים, מְלִיצוֹת,
וָוארְט צוּ וָוארְט
אַ'ן אַנְטִיק
צוּנוֹיפְגֶעפָּארְט,

ווִי לְמָשָׁל:
טַאטֶע,
שְׁמַאטֶע!
צִיעגֶען,
פְלִיעגֶען;
אִיצֶע,
פִּיצֶע,
פִּיצְעֶרִיצֶע;
קֶעפִּיל,
קְנֶעפִּיל,
טֶעפִּיל,
יוֹךְ,
אַפִּיקוֹמָן
קוּימֶען
רוֹיךְ...

קוּרְץ גֶעזָאגְט –
אַזֶעלְכֶע גְרַאמֶען,
וָואס מֶען קָאן
מִיט זֵיי זִיךְ סַמֶען...

---

דִי פָּאלֶעמִישֶׁע
קְרִיטִיק –
שְׁמַאטֶעס, בּוֹי
חָאטְשׁ דְרַייצֶעהְן בְּרִיק:

סְפְּלְיָאטְקֶעס,
מַעֲשֶׂהלִיךְ צוּ'ם לַאכֶען
פוּן אִינְטִימֶע
פְרֶעמְדֶע זַאכֶען –,

וָואס טְרִינְקְט דֶער,
וָואס יֶענֶער עֶסְט,
וֶוער בַּיי וֶועמֶען
זִיצְט אוֹיף הֶעסְט–,

מיט אַ שְׁפְּרַאךְ,
וָואס זי צו הֶערֶען,
בַּעֲלֵי־עֲגָלוֹת
דַארְף מֶען וֶוערֶען...

---

אויף פּאפּיר
פון שֶׁענְסְטֶען אַרְט
הָאט מָשִׁיחַ'ן
גֶעבְּרַאכְט

זַיין אָטְשָׁאט
דֶער פַּרְנֵס־חוֹדֶשׁ,
וואו ס'איז יֶעדֶע
ציעפֶער קוֹדֶשׁ:

וָואס, פון וֶועמֶען,
וֶוער און וֶועם —
און קֵיין קָאפֵּיקֶע
בַּיי דֶעם...

---

אִיהְר אָטְשָׁאט —
די תַּלְמוּד־תּוֹרָה
אָבְּגֶעדְרוּקְט
מיט מָרָה־שְׁחוֹרָה...

און דֶער הֶקְדֵשׁ
און די שׁוּל —
אַ'ן אָטְשָׁאט
מיט ציעפֶער פוּל:

וויפּיל שְׁפַּאלְטֶען,
וויפּיעל לֶעכֶער
אין די וֶוענְט
און אין די דֶעכֶער...

---

דֶער רַבִּינֶער —
זַיינֶע דְרָשׁוֹת,
וָואס פון זַיי
שְׁלָאנְט־אָן חַלָשׁוֹת...

---

בַּעֲלֵי־טַאקְסֶעם —
דֶעם קָאנְטְרַאקְט,
וואו עֶס שְׁטֶעהְט
בְּפֵירוּשׁ: „הַאקְט,

רַייסְט און שִׁינְדְט
די הויט פון קוֹנֶה
ווי פון אַייעֶר
גְרֶעסְטֶען שׂוֹנֵא"...

---

די רַבָּנִים,
די מוּפְלָגִים —
שַׁאֲלוֹת־תְּשׁוּבוֹת
וֶועגֶען סָגִים:

יֵין־נֶסֶךְ
און חֲלִיצָה,
סִימָן־נְעָרוֹת
און מְצִיצָה...

---

חֶבְרָה־שְׁנַיידֶער —
גַאנְצֶע פֶּעק
מיט מְסִירוֹת
אָהִן אַ'ן עֶק:

אויף די קְלֶעפּ
הוֹשַׁעְנָא־רַבָּה
אין בֵּית־מֶדְרָשׁ
פַאר דֶעם גַבָּאִי,

אויף דֶעם סְטַארָאסְטֶעם
„דָ א חָ א ד",
אויף דֶער שׁוּל
און אויף דֶער בָּאד...

---

די מְלַמְדִים
פון'ם שְׁטֶעדְטִיל —
אַ פְּאדְרָאבְנֶעם,
לַאנְגֶען צֶעטִיל.

וויפּיעל מָאל
אויף יֶעדֶער שָׁעָה
שְׁטַארְבֶּען זַיי
פון הוּנְגֶער דָא;

וויפּיעל קְרוּמֶע
און הָארְבַּאטֶע
און זַאאִיקֶע
און פָאנְפַאטֶע

זֶענֶען צְווישֶׁען זַיי
פַארְהַאן;
און דֶערְצוּ
גֶעמַאכְט אַ פְּלַאן,

אַ קַארְטִינֶע
פון'ם חֵדֶר,
וואו זַיין אָרְט
פַארְנֶעמְט דָארְט יֶעדֶער:

וואו די קְוָואטְשְׁקֶע,
וואו די צִיעג,
וואו די בֶּעט
און וואו די וִויעג...

---

וָואכֶערְנִיקֶעס —
לַאנְגֶע סְפִּיסְקֶעס,
ווי גֶעמָאטֶעוֶועט
די קִישְׁקֶעס

בַּיי יְתוֹמִים
און אַלְמָנוֹת
מיט פְּרָאצֶענְט —
פַאר גְרוֹיס רַחֲמָנוֹת...

---

דֶער פָּאדְרֶיַאדְצִיק
פון דֶער בָּאד
הָאט גֶעבְּרַאכְט
אַ לַאנְגֶען סְטְשָׁאט,

וואו ס'איז דַייטְלִיךְ
אַלֶץ פַארְשְׁרִיעבֶּען,
וָואס בַּיי אִיהם
איז נ י ט גֶעבְּלִיעבֶּען.

---

פון אִיסְפְּרַאווְנִיק
דֶער דֶיֶעסְיַאטְסְקִי
הָאט גֶעבְּרַאכְט
אַ גַאנְצֶע טַאטְשְׁקֶע

פול מיט יוּדִישֶׁע
דָאנָאסֶען
און גֶעזָאגְט
בְּזֶה הַלָשׁוֹן:

„הֶיוֹת, דֶער עוֹלָם
גֶעהְט אַוֶועק,
טָא נֶעמְט מיט זִיךְ
אָט די פֶּעק

„סְפְּלְיָאטְקֶעס, פְּרָאסְבֶּעס
אַלֶע סָארְטֶען
לָאז מֶען זַיי
שׁוֹין רֶעשֶׁען דָ א ר ט ע ן"...

---

קוּרְץ, פַּאפִּיר
פון אַלֶע וֶוערְק,
גַאנְצֶע סְקִירְדֶעס,
גַאנְצֶע בֶּערְג —

אַ דֶערְקְוִויקֶענִישׁ
צו זֶעהֶען!...
אָבֶּער הֶערְט,
וָואס ס'איז גֶעשֶׁעהֶען:

אַז מָשִׁיחַ
הָאט בֶּעטְרַאכְט,
וָואס דֶער עוֹלָם
הָאט גֶעבְּרַאכְט —

אָט די אַלֶע
אַלְטֶע שְׁמַאטֶעס,
דָא מיט לֶעכֶער,
דָארְט מיט לַאטֶעס,

אָט דֶעם שְׁמוּץ,
דָאס מִיסְט און שְׁטוֹיב,
וָואס עֶס מַאכְט אוּנְז
בְּלִינְד און טוֹיב,

וָואס פַארְצָאמְט
דֶעם וֶועג, דֶעם בְּרֵייטֶען
ווי מיט גְרָאבֶּע,
שְׁוֶוערֶע קֵייטֶען

און עֶס מַאכְט
צו שְׁפָּאט און שַׁאנד
אוּנְזֶער פָאלְק
אין גַאנְצֶען לַאנְד,

הָאט עֶר מיט
פַארְוֵויינְטֶע אויגֶען
טִיעף זַיין אַלְטֶען
קָאפּ גֶעבּוֹיגֶען

און גֶעזָאגְט:
„— גֵיין, בְּרִידֶער, גֵיין...
אֶפְשָׁר איז דָאס
גוּט און שֵׁיין,

אָבֶּער חוּץ
גָאר אַלֶע זַאכֶען
אויף דֶעם בְּרִיק,
וָואס אִיךְ דַארְף מַאכֶען

נִיט אַזַא מִין
סָארְט פַּאפִּיר,
לִיעבֶּע בְּרִידֶער,
טוֹיג פַאר מִיר"...

און מָשִׁיחַ
הָאט זַיין פֶערְד
פון דֶעם שְׁטֶעדְטִיל
אָבְּגֶעקֶעהְרְט

און מיט טְרוֹיעֶר,
שְׁמֶערְץ און צָארֶען
וַייט פון דָארְט
אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען...

ש. פרוג.

# א וועלט מיט וועלטליך.

## II.

א פנים, ס'איז מיר שוין אזוי באשערט היינטיגס יאהר אזוינע משונה זעלטענע באגעגענישען, וועלכע ס'האבען זיך מיר קיין מאָל אפילו ניט געחלמ'ט. וועמען, וועמען האב איך היינטיגס יאהר ניט באגעגענט? אלערליי מינים שלעק, מיט שלימזל'ען, פון אלע שווארצע, פינסטערע יאהר; ווער וויים זיי, ווער זיי זענען, פון וואנען זיי זענען? — אט קומען זיי, שטעלען זיך פאר, רעקאמענדירען זיך פאר פאלקס פריינדע, בעלי-עצות, הימעל-מענשען, פלאפלען, רעדען, דערצעהלען ווילדע געשיכטען וועגען זיך, וועגען זייערע מעשים-טובים; צעהנדליגער־ווייז, גאנצע קאמפאניעס קומען זיי אָן, ווער קען זיי אנגעדיינקען?

א מאל בין איך אפילו גיווען א גרויסער בעל-זכרון, איבערהויפט אויף אזוינע זאכען, נור עפיס א אינטערעסנע באגעגעניש האב איך עס לאנג געדיינקט, גאנץ לאנג... א בזיון צו זאגען, נאר ס'איז דא אזוינע אלטע באגעגענישען, וועלכע איך געדיינק זיי נאך היינט... באגעגענישען, מיט יסורים, וועהטיגען, הארץ-קלאפעניש, ערוואַרטינגען, האפנונגען... אט ווי נעכטען וואלט עס געווען, שטעהען מיר פאר די אויגען לעבעדיג...

נאר דאס איז שוין געווען לאנג, גאנץ לאנג, ווען איך בין נאך געווען א יונגער-מאן אָהן חכמות, געוואָלט לעבען, געזוכט לעבען און דאס לעבען, ווי געוועהנטליך מיט יונגע לייט, האט מיך געזוכט... היינט אבער אויף דער עלטער, בין איך, לא-עליכם, אביסעל שטומפיג אויפ'ן זכרון; עס פערגעסט זיך א מאל אפילו ווען־שבת, ווען יום-טוב, ווען ס'איז דער טערמין פון א וועקסעל, ווער ס'האט א מאָל געטהון א טובה, און דעסטגלייכען ענינים, וואס קומט אין די עלטערע יאהרען פון זיך אליין, פון שלאפקייט. ווער רעדט פון באגעגענישען, זיי פערגעס איך באלד. אמאליגע באגעגענישען, פערשטעהט זיך, טרעפען זיך מיר מעהר ניט... און היינטיגע באגעגענישען מיינע, וועלכע ענדיגען זיך אויפ'ן בעסטען אופן, אז איך נעהם ביי יענעם א גמילות-חסד, און אויפ'ן ערגסטען אופן, אז יענער נעהמט ביי מיר א גמילות-חסד, — זענען ווינציג אינטערעסנע און פערגעסען זיך באלד: אז איך נעהם א גמילות-חסד פערגעס איך, און אז יענער נעהמט — פערגעסט ער... בקיצור, מען פערגעסט.

דעם אמת רעדינדיג, איז טאקי גאר קיין חידוש ניט, אז מען פערגעסט. ווער קען זיך עס אנגעדיינקען? וויפיעל און ווען איז א מאל א יוד ארויסגעפאהרען פון דער היים, און וויפיעל און ווען פאהרט ער איצט ארויס... עס איז גאר קיין ערך! ערשטענס פאהרט מען ארום, ווייל „וועמען ס'איז שלעכט אין דער שטאָדט זאל געהן אין א אנדערע שטאָדט" — האבען געזאָגט נאך אונזערע אלטע חכמים; און ווייל יעדען איז איצט שלעכט אין זיין שטאָדט, געהט ער אין א אנדער שטאָדט. האָצעלאצער פאהרען זוכען דאס גליק אין בויבעריק, און בויבעריקער געפאלענע בעלי-בתים פאהרען קיין האצעפלאָץ, אזוי, אז אין א קורצע צייט בייטען זיך אלע מיט די ערטער, האצעפלאצער באזעצען זיך אין בויבעריק, און בויבעריקער אין האצעפלאָץ, מען דרעהט זיך ארום אין דער זעלביגער „טשערטא" פון איין ווינקעל אינ'ם אנדער'ן, קיין נוטצען ברייגגט עס ניט, מען דערלעגט נור באהן-געלד... פרעגט ניר א יודען וואו פאהרט ער? „וואס הייסט, זאגט ער, אין דער היים איז שלעכט, די פרנסה איז געשלאגען, ה' ירחם, ניטא וואס צו טוהן, ניטא צו וואס צו נעהמען זיך, אין ווארשא, זאגט מען, זענען בעסערע געשעפטען; דער ווארשעווער אבער מיינט אז אין אדעססא איז גוטע געשעפטען — דער סוף איז, אז אומעטום זענען די זעלביגע גליקען. די וועלט אבער, דאס הייסט, דאס יודישע וועלטעלע, דרעהט זיך ארום דערווילע — און דער אייזענבאהן פערדינט...

ווידער איז דאס פאהרען אליין טאקי א סגולה צום „קרעדיט". ס'איז גאר איינע פון די בעסטע סגולות. איך האב געהאט א רבי'ן אין מיינע יונגע יאהרען, א מורא'דיגער ארימאן, לא-עליכם; פרייטאג פלעג ער מיט אונז לערנען כמעט א גאנצען טאג, נאר דאנערשטאג האט ער אונז נאך האלבען טאג געלאזט פריי. — „פערשטעהט איהר, קינדערליך, פלעג ער זאגען אלע דאנערשטאג, מארגען וועל איך שוין מסתמא דעם שבת האבען אין שטוב, וועל איך מיט אייך קענען לערנען רוהיג, היינט אבער, איז מיר דער קאפ פערדרעהט, איך קלער וואו געהן זוכען א גמילות-חסד".

— סטייטש, רבי, האט איהם אמאָל איינער געפרעגט, אלע וואָך דאך שוין אז איהר זענט א גרויסער ארימאן, ווער-זשע וועט אייך געטרויען?

— אוי, קינדערליך, איהר פערשטעהט ניט — די שטאָדט איז גרויס איך וועל געהן אין די גאסען וואו מען קען מיך נאך ניט... ווי ס'איז — פלעג ער ענדיגען — זוכען מוז איך דאך, אין שטוב וועט דאך געוויס קיינער ניט אריינטראָגען דעם גמילות-חסד...

היינט זעה איך, וואס פאר א חכם מיין רבי, א ליכטיגען גן-עדן זאל ער האבען, איז געווען, ווי גוט ער האט פערשטאנען די וועלט, אז א גמילות-חסד „מוז מען זוכען", אין שטוב וועט איהם קיינער ניט אריינטראָגען... דאס איז כמעט די בעסטע תורה, וואס איך האב ביי איהם אויסגעלערנט... א פנים, אלע האבען געהאט, אזוינע קלוגע רביים, יעדער פערשטעהט עס היינט — און זוכט גמילות-חסדים, מען זוכט מיט ליכט אין אלע ווינקעליך, אין אלע לעכער... וואו און וויפיעל מען קען נור בעקומען, גרויס געלט, קליין געלט, מינץ... מען נעהמט, ברוך-השם, אלעס, מען קלויבט ניט איבער. אין דער היים, וואו יעדער קען דעם אנדערען מיט זיינע „גוטע געשעפטען" און גרויסע הוצאות — האט מען ניט קיין געטרויען גלויבען אפילו אויף א גראָשען, בלייבט טאקי נור איין מיטעל, פאהרען אין דער וועלט אריין זוכען, דארטען איז פאָרט דער קרעדיט גרעסער. און ווייטער טאקי די זעלביגע מעשה: האצעפלאצער זעצען אָן אין בויבעריק, און בויבעריקער — אין האצעפלאָץ, און שא, שטיל, קוויט; דורכגעקומען ווי ס'איז, האצעפלאָץ האט ניט צו בויבעריק און בויבעריק צו האצעפלאָץ, אבי געהאנדעלט ווייטער. אודאי וואָלט געווען גלייכער, אז מען וואָלט געקענט אָנזעצען אין דער היים, שטיל, רוהיג, אָהן הוצאות; נאר אז, בעונותינו-הרבים, קען מען ניט אנדערש, מוז מען פאהרען אין אנדערע שטעדט און מאכען הוצאות, וואס דען זאל מען טהון אין די שלעכטע צייטען? אין שטוב וועט דאך קיינער דעם „אָנזעץ ניט אריינטראָגען"...

נאך גרעסערע ארומפאהרער זענען מיר געווארען צייט עס האבען זיך אָנגעהויבען ביי אונז אלערליי „בעוועגונגען" מיט אסיפות, סיעזדען, קאנגרעסען. א מאָל האט א יוד געוויסט, אז א אסיפה דארף זיין שבת'ע-נאכט אין שול, אדער ווען א „אסיפה רבה" — איז אין קהל שטיבעל. האט מען ארויפגעווארפען אויף זיך די זשופיצע און דורכגעגאנגען זיך צו קהל אויף דער אסיפה. די אסיפה האט געוועהרט א צוויי-דריי שעה — אי-דאס האט מען מעהרער ווי העלפט געשוויגען, און פטור. פון פאהרען אויף א אסיפה — ווער האט געוויסט, ווער האט עס גאר פערשטאנען? א מאָל אין פופציג יאהר איז געווען א „אסיפת-הרבנים", האט געקעהרט די וועלט. א האלב יאהר פריהער האט מען געקלעהרט וועגען הוצאות. עס דארפען דאך פאהרען א האלב־טוץ רבנים, א קלייניגקייט צו זאגען, דארפען זיי דאך עפיס האבען הוצאות, און וואו נעהמט מען עס? — מען האט געמאכט נאלאָגען אויף זייערע קליידער, אויף עטרות פון די טליתים, אויף „לאָקשענע-קוגלען" און „עפיל-צימעסען"... קוים מיט צרות מען האט צוזאמען-געקליבען די עטליכע רובל אויף הוצאות. דערנאך האט מען געהאט צו דערצעהלען וועגען דער אסיפה קינדס-קינדער. היינט איז גאר אנדערש. אסיפות — פינף א וואָך, סיעזדען — דריי א חודש, קאנגרעסען — אלע יאהר, דעלעגאטען — טויזענד און הוצאות — תרפ"ט אלפים. מען האלט אין איין ארומפאהרען. נישט אומזיסט זאגט מיין אלטע, אז צייט די אלערליי „בעוועגונגען" מיט די אסיפות האב איך זיך אין גאנצען פון דער היים אפגעשלאגען: אלע נאכט א אנדער אסיפה, ביז האלבע נאכט, ביז'ן העלען טאָג; אדער גאר פערפאלען ווערען אויף גאנצע טעג, אויף וואָכען-לאנג, א וועקפאהרען אויף סיעזדען און קאנגרעסען. קיין גוטס, זאגט זי, קען דערפון ניט ארויסקומען; ארץ-ישראל, ציוניזם — מהיכי-תיתא, לאָז זיין ארץ-ישראל, אבי אין דער היים... מילא איך טהו זיך מיינס, און קהל-זיך אויף וואס די וועלט שטעהט און פאהר אויף אלע אסיפות, וויא וווייט זיי זאָלען ניט זיין.

דעם אמת רעדענדיג, איז דאס זיין אויף די אסיפות ניט אזוי וויכטיג ווי דאס פאהרען, ווי די פערשיעדענע באגעגענישען. און ווער פון אונז, זונדיגע מענשען, איז ניט קיין בעלן אויף אזוינע זאכען? ווי זאגט מען עס, ארום א פעטען טאָפּ איז זיך גוט צו רייבען, מען ווערט פעט, און מיט א „היסטאָרישען" מענשען איז גוט זיך צו באגעגענען, מען ווערט דורך דעם אליין אויך אביסעל היסטאָריש. א קלייניגקייט, ערשט נעכטען, דאכט זיך, בין איך נאך געווען גאר א קליין מענשעלע, א פשוט'ער בשר-ודם, וועמען האב איך געוויסט, ווער האט מיר געוויסט, און היינט האב איך זיך באגעגענט אויף א גרויסער אסיפה מיט „אלכסנדר-מוקדון" און בין געווארען כמעט אזוי „גרויס" ווי ער... און אין דער וועלט געהט א קול, אז איך מיט „אלכסנדר-מוקדון" זענען גאר ווי אנדערע צוויי... איך זאג אייך, צוליעב דעם אליין איז כדאי אוועקווארפען געשעפטען, ווייב און קינדער, און פאהרען אויף אלע אסיפות.

(ענדע קומט)

א. ל. לעווינסקי.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.